# פרידריך ניטשע

# ECCE HOMO

## ווי מ'ווערט, וואס מען איז

יידיש

נ. אייבעשיץ

פארלאג „טורעם" ווארשע

# פרידריך ניטשע

# ECCE HOMO

## ווי מ׳ווערט, וואס מען איז

יידיש

נ.אייבעשיץ

פארלאג „טורעם" ווארשע

# פאררעדע.

ס'איז אפשר מערקווירדיק, אָבער דאָך אַן אמת: עס קאָן קומען אַ טיפער גייסט און רעדן מיט דער שאַרפסטער, בולטסטער שפּראַך, מיט די שטאַרקסטע משלים און רמזים און דאָך זאָל ער נישט פאַרשטאַנען ווערן, — צי דערפאַר אפשר, וואָס ער רעדט אַזוי, ווערט ער נישט פאַרשטאַנען?... ווייל אַזוי איז דאָס געשען מיט דעם אַלטן גריכישן חכם העראַקליט, יענעם טיפסטן און גרעסטן גייסט אין אַלטערטום, וועלכער האָט געזען צום קלאָרסטן און גע־רעדט צום שאַרפסטן און האָט – אָ, איראָניע פון דער געשיכטע! — דערהאַלטן דעם נאָמען „דער טונקעלער"; און אַזוי איז דאָס אויך געשען מיט דעם גרעסטן און טיפסטן גייסט פון פאַרגאַנגענעם (און נישט נאָר פון פאַרגאַנגענעם) יאָר־הונדערט, וועלכער האָט אגב — און מיטן גרעסטן רעכט באמת — זיך געפילט גייסטיק צום נאָענטסטן פאַרוואַנדט מיט העראַקליט, — פרידריך ניטשע.

„נאָך היינטיקן זומער", שרייבט ער אין לעצטן יאָר פון זיין שאַפן, „אין אַ צייט, ווען איך וואָלט אימשטאַנד געווען מיט מיין וואָגיקער, צו וואָגיקער ליטעראַטור דעם גאַנצן רעשט פון ליטעראַטור אַריבערצוּווען, האָט מיר אַ פּראָ־פעסאָר פון בערלינער אוניווערסיטעט געגעבן פריינטלעך צו פאַרשטיין, אַז איך זאָל מיך פונדעסטוועגן מיט אַן אַנדערער פאָרם באַנוצן: אַזעלכעס לייענט נישט קיינער". אָט אַזוי נאָך אינגאַנצן אומפאַרשטאַנען און אפילו אומגעהערט איז ניטשע געווען אין דער לעצטער צייט פון זיין שאפן: עס האָט געהערשט אַרום אים — בפרט אין דייטשלאַנד — אַן אַבסאָלוט שטילשווייגן. און נאָכמער: די פריינט, די נאָענטע, וועלכע זענען תחילת מיט אים מיטגעגאַנגען, זענען צוריק־געטרעטן ווי דערשראָקענע מחמת זיין אומגעהויערן שווונג און זיין אומדער־הערט מוטיקן וואַגן. ניטשע בלייבט אינגאַנצן אַליין און ווערט אַלץ מער פאַר־

שלונגען פון דער איינזאַמקייט. אָבער דאָרט, אין דער איינזאַמקייט, ווערט זיין גייסט אַלץ געשפּאַנטער און שאַפט וואָסאַמאָל אינטענסיווער. אָבער צוגלייך ווערט זיין דורשט נאָך נייע פריינט אַלץ געוואַלטיקער. ניטשע נאָטירט פאַר זיך: „עס איז אפשר איינע פון די גרעסטע טראַגעדיעס, ווען מ׳האָט פיל מיט־צוטיילן, נאָר מ׳געפינט נישט די, וועמען מ׳קאָן זיך מיטטיילן", און ער לאָזט הערן זיין רוף:

„אָ, לעבנס־מיטאָג! צווייטע יוגנט־צייט!
אָ, זומער־גאָרטן!
אומרויק גליק אין שטיין און אויסקוקן און וואַרטן!
אויף פריינט איך האַר, טאָג און נאַכט, אָ, גרייט,
אויף נ י י ע פריינט! קומט ס׳איז צייט! ס׳איז צייט!"

אָבער ניטשע — און דאָס דאַרף מען געדענקען — באַטראַכט אַלע זיינע ווערק, אַלע זיינע שאַפונגען פאַר נעצן, אויסגעוואָרפן צו זיינסגלייכן, צו גלייכפאַר־וואַנדטע, וואָס עס דוכט זיך אים, אַז זיי זיצן ערגעץ פאַרבאָרגן און פאַרמאַס־קירט און זיי דארפן נאָר דערהערן זיין רוף, כדי זיך צו זאַמלען און צו ווערן זיינע מיטשאַפער. און אַזוי גלויבט ער, ער ווייסט עס צו זאָגן: „ווער ס׳איז מיר אָבער פאַרוואַנדט מיט דער ה ו י ך פון וועלן, דער לעבט דערביי (ביים לייענען זיינע שריפטן) איבער אמתע עקסטאַזן פון לערנען".

עס קומט דאָס לעצטע שאַפונגס־יאָר (1888), דאָס יאָר פון געוואַלטיקער געשפּאַנטקייט און פּרוכטבאַרקייט, וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער גע־שיכטע פון גייסטיקער שאַפונג, ווען ער „קריצט מיט אומשטערבלעכער זיכער־קייט אות נאָך אות אויף קופּערנע לוחות" און שליידערט איינס נאָך דעם אַנ־דערן ווערק פון אומגעהויערער קראַפט און שלימות. עס זענען שוין אָנגעלייגט די ציגל צום לעצטן בנין, שוין שטייט ער פאַר דער לעזונג פון זיין לעצטער אויפגאַבע, דער „איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן", און ער איז פול מיט אַ קעני־גלעך געפיל פון שטאָלץ און זעלבסטגעוויסהייט פון זיין אייגענער מאַכט, פון זיין אייגענער גרויסקייט. אָבער אַלץ גרעסער נאָך איז דערווייל געוואָרן די איינזאַמקייט און אַלץ מער דאָס שווייגן אַרום אים. און אין דעם „גאָלדענעם האַרבסט" פון אָט יענעם יאָר, אין זיין געבורטס־טאָג, דעם 15־טן אָקטאָבער, הייבט ניטשע אָן, צוערשט פאַר זיך אַליין, צו וואַרפן אַ בליק אויף דעם פּראָ־צעס פון זיין לעבן און זיין גאַנצן שאַפן. אָבער צו געלונגען געפינט ער אָט דאָס, אַז ער זאָל מאַכן דערמיט אַ שפּאַס, און ער קערט איבער דעם ציל דער־פון: ער באַשטימט אָט די שריפט, „עקצע האָמאָ" גערופן, אויף צו רעפּרעזענ־טירן זיך פאַר דער וועלט גראָד פאַר דעם איינציקאַרטיקן אומדערהערטן אַקט

פון דער „איבערשאצונג" און אזוי ארום אויפרייסן דאָס אַבסורדע שטילשוויגן ארום אים, ניין, ארום דער זאַך, צוליב וועלכער ער איז דאָ.

אָבער אויף וואָסאַר אופן טוט דאָס ניטשע?

צו בראַנדעסן, וועלכער האָט אים נאָר וואָס אַנטפּלעקט און איז גלייך דער ערשטער, וואָס דריקט אויס זיין צאָרן צוליב דעם פאַרשוויגן ניטשען אין דייטשלאַנד, שרייבט דער לעצטער: „אָ, ווען איר זאָלט וויסן, וואָס איך האָב נאָר־וואָס אָנגעשריבן. — — איך האָב איצטער דערציילט מיך גופא מיט אַ ציניזם, וואָס וועט ווערן וועלט־היסטאָריש. דאָס בוך הייסט „עקצע האָמאָ".— — דאָס גאַנצע איז דאָס פאָרשפיל „צו דער איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן". — מיט „עקצע האָמאָ" האָט ניטשע געגעבן וועגן זיך אַ דאָקומענט אָן ביישפיל און גלייכן, און אַזוי פילט ער דאָס אליין. ער שרייבט צו איינעם פון זיינע לעצטע פריינט, דעם מוזיקער פעטער גאַסט: „אַזעלכעס שטייגט אַזוי אַריבער דעם באַגריף „ליטעראַטור", אַז עס פעלט אייגנטלעך אפילו אין דער נאַטור דער גלייכן: עס שפּאַלט, ווערטלעך, די ג ע ש י כ ט ע פון דער מענטשהייט אין צוויי העלפטן — העכסטער סופּער־לאַטיוו פון ד י נ אַ מ י ט . . .". אין „עקצע האָמאָ" האָט ניטשע געוואָרפן אויף זיך און זיינע שאַפונגען דאָס העלסטע שאַרפסטע ליכט, ווי עס האָט ווען אַ גייסט באַוויזן אַזוי צו טון; ער גיט אומפאַרגלייכלעך וווּנדערלעכע און מייסטער־האַפטע שילדערונגען און אַנאַליזן פון יענע צושטאַנדן, פון וועלכע יעדעס ווערק זיינס איז אַרויסגעשפּרונגען; „עקצע האָמאָ" איז דאָס non plus ultra פון טיפסטער זעלבסט־אַנאַליז. און ניטשע ווייסט דאָס טאַקי, עס איז אים קלאָר, אַז דערמיט האָט ער דערגרייכט די אויסערסטע גרענעץ פון מעגלעכקייט אין אָט דער הינזיכט. ווייל ער שרייבט צו איינעם פון זיינע פריינט אין יענער צייט: „אַלץ באַטראַכט, האָט עס פון איצטער אָן מער קיין שום זין נישט איבער מיר צו רעדן און שרייבן; איך האָב די פראַגע, ווער איך בין, דורך דער שריפט „עקצע האָמאָ", וואָס מיר דרוקן, אויף די נאָענטסטע אייביקייט ad acta אַוועקגעלייגט. מ׳זאָל זיך ווייטער וועגן מיר נישט קימערן— —". מיט „עקצע האָמאָ" באַטראַכט זיך ניטשע ווי „אַוועקגעשטעלט אויף יענער זייט", „איבער דער מענטשהייט", און ער דענקט, אַז דערמיט הייבט אָן די „טראַגישע קאַטאַסטראָפע" פון זיין לעבן.

דאָס גאַנצע בוך שטייט אין גרונט אונטער דעם צייכן פון זיין נעבנ־טיטל: „ווי מ׳ווערט, וואָס מען איז", און פון דעמדאָזיקן געזיכטס־פונקט דאַרף דאָס ווערק באַטראַכט ווערן. „וואָס העכער דער מין פון אַ זאַך, אַלץ זעלטענער גיט זי זיך איין", זאָגט זאַראַטוסטראַ. אָט אין דעם זין מיינט ניטשע, אַז זיין לעבן איז ממש וווּנדערפול געלונגען, און ער איז דער, וועמענס פאָרמולע פון גליק עס הייסט: „אַ יאָ, אַ ניין, אַ גראָדע ליניע, אַ צ י ל ..."

„עקצע האָמאָ“ איז דאָס איינציקאַרטיקע און בײשפּיללאָזע דענקמאָל, וואָס אַ מענטש האָט ווען באַוויזן זיך אַליין צו שטעלן. עס דערגרייכט ערטער־ווייז די העכסטע מאָס פון פּאַטאָס און זעלבסט־אַפּאָטעאָזע. „היינט, ווען איך בין אין אַ הויך, ווו איך רעד נישט מער מיט ווערטער, נאָר מיט בליצן —“. ניטשע גרייסט זיך אַליין און שטעלט זיך אַוועק אין דער דיסטאַנץ, אַזוי ווי ער דאַרף געזען ווערן אין דער ווייטער צוקונפט. ווייל ווער וואָלט דאָס געקאָנט, אַזוי ווי ער אַליין און אַ חוץ אים אַליין, ווער וואָלט דאָס געוואַגט און געדאַרפט טון, ווי נאָר ער אַליין, אָט דער טיף־בליקנדסטער, טיף־אין־זיך־אַריינבליקנדסטער גייסט.

לסוף מוז מען נישטווילנדיק זיך פרעגן, מיט וואָסאַר געפיל עס קאָן זיך שיידן דער לייענער פון אָט דעם אויטאָביאָגראַפישן מאָנומענט פונם הערלעכסטן און שפּעריסטן גייסט, וועלכער איז געווען אינגאַנצן די פאַרקערפּערונג און די פייל פון בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס זאָל קאָנען „דערלייזן אַלדאָס פאַר־גאַנגענע“. — עס איז נישט אומגעוויס, אַז אויף פיל וועט עס אָנוואַרפן פּחד אָדער ווייניקסטנס אומהיימלעכקייט און זיי וועלן זיך נישט צוגלויבן, אַז ענ־לעכס איז טאַקי מעגלעך, און וועלן לסוף דערין זען נישט עפּעס אַנדערש, ווי — „פּאָזע פון גרויסקייט“... אָבער יענעם זעלטענערן, „עכטן, פאָרבאַ־שטימטן לייענער“ קאָן דאָסדאָזיקע ווערק נאָר אָנפילן אין דער העכסטער מאָס מיט טיף דערשיטערנדער פרייד.

וואַרשע, פעברואַר 1929.

**נ. גאייבעשיץ.**

# פאַרוואָרט

1.

פאַרויסזעענדיק, אַז נישט ווייט איז דער טאָג, ווען איך
וועל מוזן קומען צו דער מענטשהייט מיט דער שווערסטער פאָ=
דערונג, וועלכע איז איר ווען איז אַמאָל געשטעלט געוואָרן,
האָלט איך פאַר נויטיק צו זאָגן, ווער איך בין. אין
גרונט גענומען וואָלט מען עס באַדאַרפט וויסן: ווייל איך האָב
עפּעס געגעבן, וואָס „זאָגט עדות“ וועגן מיר. אָבער דאָס נישט=
גלייכע פאַרהעלטניש צווישן דער גרויסקייט פון מיין אויפגאַבע
און דער ק ל יי נ ק יי ט פון מיינע בני=הדור האָט זיך אַרויס=
געוויזן דערין, וואָס נישט מ'האָט מיך געהערט, נישט מ'האָט
מיך אפילו געזען. איך לעב אויף מיין אייגענעם חשבון;
ס'איז אפשר נאָר אַ פאָראורטייל, אַז איך לעב?... ס'איז
גענוג, איך זאָל אַ שמועס טון מיט עפּעס אַ „געבילדעטן“, וואָס
פאַרט זומער=צייט אין אויבער=ענגאַדין, כדי איך זאָל מיך
איבערצייגן, אַז איך לעב נ י ש ט... ביי אָט די אומשטענדן
איז עס אַ חוב, הגם דאָס איז אין גרונט קעגן מיין געוווינהייט
און נאָך מער קעגן דעם שטאָלץ פון מיינע אינסטינקטן, גראָד

צו זאָגן: הערט מיך! ווײַל איך בין דער און דער. ניש ט פ אַ ר ב ײַ ט מ י ך קודם־כּל!

2.

איך בין למשל דורכויס נישט קיין שרעק־געשטאַלט, קיין מאָראַל־מאָנסטער, — איך בין אפילו אַ קעגנזאַץ־נאַטור צו דעם מין מענטש, וואָס איז ביזאַהער ווי טוגנט־האַפט פאַרערט געוואָרן. צווישן אונז, דוכט זיך מיר, אַז גרייליך דאָס געהערט צו מיין שטאָלץ. איך בין דער תּלמיד פונם פילאָזאָף דיאָניזאָס, איך וואָלט בעסער וועלן זיין אַ סאַטיר, איידער אַ הייליקער. זאָל מען אָבער לייענען דידאָזיקע שריפט. עס איז מיר מעגלעך געלונגען, דידאָזיקע שריפט האָט גאָר אפשר נישט געהאַט קיין אַנדערן זין, ווי אויסצודריקן אָט דעם קעגנזאַץ אויף אַ לוסטיקן און מענטשן־פריינטלעכן אופן. דאָס לעצטע, וואָס איך וואָלט פאַרשפּראָכן, וואָלט זיין די מענטשהייט צו „פאַרבעסערן". פון מיר ווערן נישט אויפגעשטעלט קיין נייע געצן; די אַלטע מעגן לערנען, וואָס ליימענע פיס באַדייטן. ג ע צ ן (מיין וואָרט פאַר „אידעאַלן") אומוואַרפן — דאָס געהערט שוין גיכער צו מיין מלאָכה. די רעאַליטעט האָט אין דערזועלבער מאָס פאַרלוירן איר ווערט, איר זין, איר וואָרהאַפטיקייט, אויף וויפיל ס'איז א ו י ס ג ע ט ר אַ כ ט געוואָרן די אידעאַלע וועלט... די „אמתע וועלט" און די „כּלומרשטע וועלט" — אויף אונזער לשון: די א ו י ס ג ע ט ר אַ כ ט ע וועלט און די רעאַליטעט... דער ש ק ר פון אידעאַל איז עד־היום געווען די קללה איבער דער רעאַליטעט, די מענטשהייט גופא איז צוליב איבם טיף ביז אין אירע אונטערשטע אינסטינקטן פאַרכּזובט און פאַלש

געוואָרן — ביז צו דער פאַרגעטערונג פון די ה י פ כ ד י ק ע
ווערטן, ווי עס זענען די, אין וועלכע עס איז ערשט פאַראַן פאַר
איר די ערבות פאַר געדייונג, פאַר צוקונפט, פאַרן הויכן ר ע כ ט
אויף צוקונפט.

3.

— דער, וואָס קאָן אָטעמען די לופט פון מיינע שריפטן,
ווייסט, אַז דאָס איז אַ לופט פון דער הויכקייט, אַ ש ט אַ ר ק ע
לופט. מ'מוז זיין פאַר איר באַשאַפן, אַנישט איז די געפאַר נישט
קליין, זיך אין איר צו פאַרקילן. דאָס אייז איז נאָענט, די איינ-
זאַמקייט איז אומגעהויער — אָבער ווי רויק אַלע זאַכן ליגן אין
ליכט! ווי פריי מ'אָטעמט! ווי פיל מ'פילט א ו נ ט ע ר זיך!
פילאָזאָפיע, ווי איך האָב זי ביזאַהער פאַרשטאַנען און געלעבט,
איז דאָס פרייוויליקע לעבן צווישן אייז און הויכע בערג — דאָס
אויפזוכן פון אַלדאָס ווונדערלעכע און אויסטערלישע אין לעבן,
פון אַלעם דעם, וואָס איז ביז היינט גערודפט געוואָרן דורך
די מאָראַל. פון אַ לאַנגער דערפאַרונג, וועלכע עס האָט מיר גע-
געבן אַזאַ וואַנדערונג אינעם געביט פון דאָס פ אַ ר ב אָ ט ע נ ע, האָב
איך מיך אויסגעלערנט זייער אַנדערש, ווי עס וואָלט זיין גע-
וווּנטשן, באַטראַכטן די סבות, וואָס האָבן גורם געווען די ביז-
איצטיקע מאָראַל און אידעאַלן: פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט
די פ אַ ר ב אָ ר ג ע נ ע געשיכטע פון די פילאָזאָפן, די פסיכאָלאָגיע
פון זייערע גרויסע נעמען. וויפיל אמת פ אַ ר ט ר אָ ג ט, וויפיל
אמת ו ו אַ ג ט אַ גייסט? אָט דאָס איז געוואָרן פאַר מיר וואָס
אַמאָל אַלץ מער די אייגנטלעכע מאָס פאַר באַדייט. טעות (—דער
גלויבן אין אידעאַל—) איז נישט בלינדקייט, טעות איז פ ח ד נ ו ת...

יעדע דערגרייכונג, יעדער שריט פאַרויס אין דער דערקענטניש איז אַ פּועל־יוצא פון מוט, פון שטרענגקייט לגבי זיך, פון ריינקייט לגבי זיך... איך פרעג נישט אָפּ די אידעאַלן; איך טו בלויז אָן פאַר זיי הענטשקעס... NITIMUR IN VETITUM: אונטערן דאָזיקן צייכן וועט זיגן אַמאָל מיין פילאָזאָפיע, ווייל ביזאַהער האָט מען גרונטזעצלעך כסדר פארבאָטן נאָר דעם אמת. —

4

— צווישן מיינע שריפטן שטייט באַזונדער פאַר זיך מיין זאַראַטוסטראַ. איך האָב מיט אים דער מענטשהייט די גרעסטע מתנה געמאַכט, וואָס איז איר ביזאַהער געמאַכט געוואָרן. דאָסדאָזיקע בוך, מיט אַ שטים איבער יאָרטויזנטער, איז נישט נאָר דאָס העכסטע בוך, וואָס איז פאַראַן, דאָס אמתע בערג־לופט־בוך — די גאַנצע טאַטזאַך מענטש ליגט אויף אַן אומגעהויער וייטן מהלך אונטער אים,—עס איז אויך דאָס טיפסטע בוך, פון דער אינערלעכסטער עשירות פון אמת געבוירן, אַן אומאויסשעפּלעכער ברונעם, אין וועלכן עס לאָזט זיך נישט אַראָפּ קיין עמער, וואָס זאָל נישט ארויפקומען אָנגעפילט מיט גאָלד און גוטס. דאָ רעדט נישט קיין „נביא", קיין איינער פון יענע שוידערלעכע דאָפּלוועזנס פון קראַנקהייט און ווילן צו מאַכט, וועלכע הייסן רעליגיע־גרינדער. מען מוז קודם־כל ריכטיק הערן דעם טאָן, וואָס גייט ארויס פון דידאָזיקע לעפצן, דעמדאָזיקן האַלקיאָנישן טאָן, כדי נישט אומרחמנותדיק אַן עוולה צו טון דעם זין פון זיין חכמה. „די שטילסטע ווערטער זענען עס, וואָס ברענגען דעם שטורם. געדאַנקען, וואָס קומען אויף טויבן־פיס, לענקען די וועלט —"

די פייגן פאַלן פון די בוימער, זיי זענען גוט און זיס: און בערת זיי פאַלן, פלאַצט זיי די רויטע הויט. א צפון־ווינט בין איך פאַר צייטיקע פייגן.

דערום, גלייך ווי פייגן, פאַלן אייך דידאַקטיקע לערעס צו, מיינע פריינט: איצט טרינקט זייער זאַפט און דאָס זיסע פלייש! הארבסט איז אַרום אונז און ריינער הימל און נאָכמיטאָג —

דאָ רעדט נישט קיין פאַנאַטיקער, דאָ ווערט נישט ג ל ו י ב ן פאַרלאַנגט: פון אַן אומענדלעכער ליכט־שפע און גליק־טיפקייט פאַלט טראָפּן נאָך טראָפּן, ווארט נאָך וואָרט, — א צערטלעכע לאַנגזאַמקייט איז דאָס טעמפּאָ פון דידאַקטיקע רייד. אַזעלכעס דער־גרייכט נאָר צו די אויסדערוויילטסטע; ס'איז אַן אויסצייכנונג אָן גלייכן צו זיין דאָ אַ הערער; עס איז קיינער נישט ראוי צו האָבן אויערן פאַר זאַראַטוסטראַ... איז פונדעסטוועגן זאַראַטוסטראַ נישט אַ פ אַ ר פ י ר ע ר?... אָבער וואָס זאָגט ער גופא, ווען ער קערט צום ערשטן מאָל ווידער צוריק אין זיין איינזאַמקייט? גראָד דעם היפך דערפון, וואָס עס וואָלט זאָגן אין אַזאַ פאַל וועלכער־איז „חכם", „הייליקער", „וועלט־דערלייזער" און אַנדערער דעקאַדענט... נישט נאָר ער רעדט אַנדערש, ער איז אויך אַנדערש...

אַליין גיי איך איצט, מיינע תלמידים! אויך איר גייט איצט אַוועק און אַליין! אַזוי וויל איך.

גייט אַוועק פון מיר און ווערט אייך קעגן זאַראַטוסטראַ. און נאָך בעסער: שעמט אייך מיט אים! אפשר האָט ער אייך אָפּגענאַרט.

דער מענטש פון דער דערקענטניש דאַרף נישט נאָר ליבן זיינע פיינט, ער דאַרף אויך קאָנען האַסן זיינע פריינט.

אַ שלעכטער לוין איז עס פאַר אַ לערער, אויב מ'בלייבט תמיד

נאָר דער תּלמיד. און פאַרוואָס ווילט איר נישט צופּן פון מיין קראַנץ?

איר פאַרערט מיך: אָבער ווי, אַז אייער פאַרערונג וועט ווען איז אומפאַלן? היט אייך, עס זאָל אייך קיין געץ נישט דערשלאָגן!

איר זאָגט, איר גלויבט אין זאַראַטוסטראַ? אָבער וואָס באַדייט זאַראַטוסטראַ! איר זענט מיינע גלויביקע? אָבער וואָס באַדייטן אַלע גלויביקע!

איר האָט אייך נאָך נישט געזוכט, בעת איר האָט געפונען מיך. אזוי טון אַלע גלויביקע; דערום איז יעדעס גלויבן אזוי ווייניק ווערט!

אַצינד הייס איך אייך מיך פאַרלירן און אייך געפינען; און ערשט דאַמאָלס, ווען איר אַלע וועט מיך האָבן פאַרלייקנט, וועל איך צו אייך אומקערן...

פרידריך ניטשע.

אינם דאָזיקן פולקומענעם טאָג, ווען אַלץ ווערט צייטיק און נישט נאָר די טרויבן ווערן ברוין, איז גראָד געפאַלן א זונען-שטראַל אויף מיין לעבן: איך האָב געקוקט צוריק, איך האָב געקוקט פאָרויס, איך האָב קיינמאָל נישט געזען אזוי פיל און אזעלכע גוטע זאַכן מיטאַמאָל. נישט אומזיסט האָב איך היינט באַגראָבן מיין פיר-און-פערציקסט יאָר, איך האָב עס געמעגט באַגראָבן, — וואָס ס'איז געווען אין אים לעבן, איז ניצול געוואָרן, איז אומשטערבלעך. דאָס ערשטע בוך פון דער איבערשאַ-צונג פון אַלע ווערטן, די לידער זאַראַטוסטראַס, דער געצן-בין-השמשות, מיין פרווו צו פילאָזאָפירן מיטן האַמער — אַלצדינג מתנות פון דעם יאָר, אפילו גאָר פון זיין לעצטן פערטל! ווי זאָל איך נישט דאַנק-באַר זיין צו מיין גאַנץ לעבן? — און אַזוי דערצייל איך מיר מיין לעבן.

פאַרוואָס איך פאַרמאָג אַזויפיל חכמה. דאָס גליק פון מיין לעבן, זיין אייינציקייט אפשר, ליגט אין זיין שיקזאַל: איך בין, אויסדריקנדיק דאָס אין דער פאָרם פון א רעטעניש, ווי מיין פאָ־טער שוין טויט, ווי מיין מוטער לעב איך נאָך און עלטער מיך. די דאָזיקע דאָפלטע אָפשטאַמונג, גלייך ווי פון דעם אויבערשטן און אונטערשטן שטאַפל אויף דער לייטער פונם לעבן, דעקאַ־דענט און אָ נ ה ו י ב צוגלייך, — אויב עפעס איז, איז אָט דאָס דערקלערט יענע נייטראַליקייט, יענע אָביעקטיווקייט לגבי דעם גאַנצן פּראָבלעם פון לעבן, וועלכע צייכנט מיך אפשר אויס. איך האָב פאַר די צייכנס פון אויפשטייג און אָפשטייג אַ פיינער שפּיר־געפיל, ווי עס האָט ווען פאַרמאָגט אַ מענטש, איך בין דער לערער PAR EXCELLENCE פאַר אָט דאָס, — איך קען ביידע, איך בין ביידע. — מיין פאָטער איז געשטאָרבן צו זעקס־און־דרייסיק יאָר; ער איז געווען צאַרט, ליבנסווירדיק און שוואַך, ווי א וועזן, וואָס איז באַשטימט נאָר צום אַריבערגיין, — גיכער א גוטע דערינערונג אָן לעבן, איידער דאָס לעבן גופא. אין דעמזעלבן יאָר, ווען זיין לעבן איז געגאַנגען אַראָפּ, איז אויך מיינס געגאַנגען אַראָפּ: אינעם זעקס־און־דרייסיקסטן לעבנס־יאָר בין איך געקומען אויף דעם נידעריקסטן פונקט פון מיין לעבנס־קראַפט, — איך האָב נאָך געלעבט, דאָך נישט צו זען דריי שריט פאַר מיר. דאָ־

מאָלס — עס איז געווען אין יאַר 1879 — האָב איך פאַרלאָזט מיין באַזעלער פּראָפעסור, דעם גאַנצן זומער ווי אַ שאָטן געלעבט אין סט. מאָריץ און דעם נאָענטסטן ווינטער, דעם ליכט־אָרימסטן פון מיין לעבן, האָב איך פאַרבראַכט ווי אַ שאָטן אין נאַאומבורג. דאָס איז געווען מיין מינימום: „דער וואַנדערער און זיין שאָטן" איז אַנטשטאַנען אין יענער צייט. בלי ספק, איך האָב מיך דאַמאָלס פאַרשטאַנען אויף שאָטנס... אינם פאָלגנדיקן ווינטער, מיין ערשטן ווינטער אין גענוא, האָט יענע פאַרזיסונג און פאַרגייסטיקונג, וועלכע איז כמעט באַדינגט אין דער אויסערסטער אָרימקייט פון בלוט און מוסקול, געבוירן דאָס מאָרגנרויט". די פולקומע העלקייט און הייטערקייט, אפילו שפע פון גייסט, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אינם דערמאָנטן ווערק, איז ביי מיר מעגלעך נישט נאָר ביי דער גרעסטער פיזיאָלאָגישער שוואַכקייט, נאָר אפילו ביי אַן איבערפלוס פון שמערצגעפיל. אין אַ צייט פון יסורים, וועלכע עס איז גורם אַן אומאויפהערלעכער דרייטאָגיקער געהירן־שמערץ, באַגלייט פון אַ פיינלעכן אָפּברעכן, — האָב איך פאַר־מאָגט אַ דיאַלעקטיקער־קלאָרקייט PAR EXCELLENCE און האָב זייער קאַלטבלוטיק דורכגעטראַכט זאַכן, וואָס אין געזונטערע פאַרהעלטנישן בין איך צו זיי נישט גענוג קלעטערונגס־פעיק, גענוג ראַפינירט, גענוג קאַלט. מיינע לעזער ווייסן אפשר, ווי ווייט איך באַטראַכט דיאַלעקטיק אַלס צייכן פון דעקאַדאַנס, למשל אינם גאָר באַרימטסטן פאַל: אין פאַל פון סאָקראַטעס.— אַלע קראַנקהאַפטיקע שטערונגען פון אינטעלעקט, אפילו יענע האַלבע צערודערטקייט, וואָס איז א באַגלייט־דערשיינונג ביי פי־בער, זענען פאַר מיר געבליבן ביז היינט גאַנץ פרעמדע זאַכן, וואָס מיט זייער טבע און אָפטקייט האָב איך מיך ערשט געמוזט

אויפן וויסנשאַפטלעכן וועג באַקאָנען. מיין בלוט לויפט לאַנגזאַם. ס'איז נאָך קיינעם קיינמאָל נישט געלונגען ביי מיר פיבער פעסט־צושטעלן. אַ רופֿא, וואָס האָט מיך אַ לענגערע צייט באַהאַנדלט אַלס נערוון־קראַנקן, האָט לסוף געזאָגט: „ניין! מיט אייערע נערוון האָט עס נישט צו טון, איך גופֿא בין נאָר נערוועז״. אומבאַדינגט לאָזט זיך נישט דערווייזן וועלכע־איז לאָקאַלע אַנט־אַרטונג; קיין שום אָרגאַניש באַדינגטע מאָגן־קראַנקהייט, הגם אַלעמאָל, אַלס פועל־יוצא פון אַלגעמיינער דערשעפּונג, די גרעסטע שוואַכקייט פון גאַסטרישן סיסטעם. אויך די אויגן־קראַנקהייט, וואָס צייטנווייז דערגייט זי געפערלעך נאָענט צו דער מדרגה פון בלינד־ווערן, נאָר פאָלגע, נישט אורזאַך: אַזוי אַז מיט יעדן צופלוס פון לעבנס־קראַפט איז אויך שטאַרקער געוואָרן די זע־קראַפט. — אַ לאַנגע, צו לאַנגע ריי פון יאָרן באַדייט ביי מיר געזונטווערן, — זי באַדייט לײדער אויך צו דערזעלבער צייט צוריקגאַנג, אַראָפּ־גאַנג, פּעריאָדישקייט פון אַ געוויסער אַרט דעקאַדאַנס. דאַרף איך, נאָך דעם אַלעם, זאָגן, אַז איך בין ד ע ר פ אַ ר ן אין פראַגן פון דעקאַדאַנס? איך בין זיי דורכגעגאַנגען גענוי אין זייער גאַנצן אומפאַנג. אפילו יענע פיליגראַן־קונסט פון אָנכאַפּן און באַגרייפן בכלל, יענע פינגער פאַר ניואַנסן, יענע פסיכאָלאָגיע פון „זעי־אַרום־די־עקן״ און אַלץ, וואָס ס'איז מיר אויסערדעם אייגן, איז דאַמאָלס ערשט דערלערנט געוואָרן, איז דאָס אייגנטלעכע געשאַנק פון יענער צייט, אין וועלכער אַלץ האָט זיך ביי מיר פאַרפיינערט, די באַאָבאַכטונג גופֿא צוגלייך מיט די באַאָבאַכטונגס־אָרגאַנען. פון דער קראַנקן־אָפּטיק בליקן אויף ג ע ז ו נ ט ע ר ע באַגריפן און ווערטן, און ווידער פאַרקערט פון דער שפע און זעלבסט־געוויסהייט פון ר ײ כ ן לעבן אַריינבליקן אין די גע־

הײמע אַרבעט פֿון דעם דעקאַדאַנס-אינסטינקט — דאָס איז
געװען מײַן לענגסטע איבונג, מײַן אײגנטלעכע דערפֿאַרונג, אויב
אין עפּעס איז, בין איך אין דעם געװאָרן מײַסטער. איך האָב
דאָס איצט אין דער האַנט, איך האָב די האַנט דערפֿאַר, פּער-
ספּעקטיװן איבערצורוקן: ערשטער גרונט, פֿאַר-
װאָס ס'איז פֿאַר מיר אַלײן אפֿשר בכלל מעגלעך אַן „איבער-
שאַצונג פֿון אַלע װערטן". —

2

נישט געקוקט גראָד דערױף, װאָס איך בין אַ דעקאַדענט,
בין איך אויך זײַן קעגנזאַץ. מײַן באַװײַז דערפֿאַר, צװישן אַנדערס,
איז דאָס, װאָס איך האָב אַלעמאָל קעגן די שלעכטע צושטאַנדן
אינסטינקטיװ געװײלט די ריכטיקע מיטלען: בעת דער טי-
פּישער דעקאַדענט װײלט שטענדיק אויס די שעדלעכע פֿאַר אים
מיטלען. אַלס סך-הכּל בין איך געװען געזונט, אַלס פּרט, אַלס
ספּעציאַליטעט בין איך געװען דעקאַדענט. יענער כּוח צו אַבסאָ-
לוטער פֿאַרײנזאַמונג און אױסשײדונג פֿון געװױנטע לעבנספֿאַר-
העלטנישן, דער דרוק אויף זיך, נישט מער צו לאָזן זיך באַזאָרגן,
באַדינען, פֿון דאָקטױרים באַהאַנדלען — דאָס זאָגט
עדות מכּוח דער אומבאַדינגטער אינסטינקט-זיכערקײט בנוגע דעם,
װאָס ס'איז פֿאַר אַלץ דעמאָלס נײטיק געװען. איך האָב מיך
אַלײן צוריק געזונט געמאַכט: דער באַדינג דערפֿאַר — דערמיט
װעט יעדער פֿיזיאָלאָג מסכּים זײַן — איז פֿון גרונט אױס
צו זײַן געזונט. אַ טיפּיש שװאַך װעזן קען נישט געזונט
װערן, נאָך װײניקער זיך אַלײן געזונט מאַכן; פֿאַר אַ טיפּיש גע-

זונטן קאָן אומגעקערט קראַנק־זיין אפילו זיין אַן ענערגישער
סטימול צום לעבן, צום מער־לעבן. אַזוי באַמת דערשיינט
מיר איצט יענע לאַנגע צייט פון קראַנקהייט: איך האָב
דאָס לעבן אַנטדעקט אַזוי ווי פונדאָסניי, מיך גופא אַריינגערעכנט,
איך האָב געגאָסן פון אַלע גוטע און אפילו אומבאַדייטנדיקע זאַכן,
ווי ס'וואָלטן אַנדערע פון זיי נישט לייכט געקאָנט געניסן, — איך
האָב פון מיין ווילן צו געזונטהייט, צום לעבן, געשאַפן מיין
פילאָזאָפיע... ווייל דאָס דאַרף מען נעמען אין אַכט: די יאָרן פון
מיין קנאַפּסטער לעבנס־קראַפט זענען דאָס געווען, ווען איך האָב
אויפגעהערט צו זיין פעסימיסט; דער אינסטינקט פון
אַליין־זיך־געזונט־מאַכן האָט מיר פאַרבאָטן אַ פילאָזאָפיע פון
אָרימקייט און אָפּהענדיקייט... און אין וואָס דערקענט מען אין
גרונט די וווילגעראָטנקייט! וואָס אַ וווילגעראָטענער
מענטש איז ליב צו אונזערע חושים: וואָס ער איז געשניצט פון
אַ האָלץ, וועלכעס איז האַרט, צאַרט און וווילשמעקנד צוגלייך.
אים שמעקט נאָר, וואָס אים איז ניצלעך. זיין געשמאַק, זיין הנאה
הערט אויף, ווו עס ווערט איבערגעכאַפּט די מאָס פון דעם
ניצלעכן. ער געפינט אויס היילמיטלען קעגן באַשעדיקונגען, ער
נוצט אויס שלעכטע צופאַלן צו זיין גונסטן; וואָס ס'ברענגט אים
נישט אום, מאַכט אים שטאַרקער. ער זאַמלט צונויף אינסטינק־
טיוו פון אַלץ, וואָס ער זעט, הערט, איבערלעבט, זיין סכום:
ער איז אַן אויסוויילנדיקער פּרינציפּ, ער לאָזט פיל פאַרביי. ער
איז שטענדיק אין זיין געזעלשאַפט, צי ער פאַרקערט מיט ביי־
כער, מענטשן אָדער לאַנדשאַפטן: ער ערט, ווען ער וויילט אויס,
ווען ער לאָזט צו זיך צו, ווען ער פאַרטרויט. ער רעאַ־
גירט אויף יעדע אַרט רייץ לאַנגזאַם, מיט יענער לאַנגזאַמקייט,

וועלכע עס האָבן אין אים אויסגעאַרבעט אַ לאַנגע פאָרזיכט און
אַ באַאַבזיכטיקטער שטאָלץ, -- ער פאָרשט דעם רייץ, וואָס גע-
נענט צו אים, ער איז ווייט דערפון, אים אנטקייגנצוגיין. ער
גלויבט נישט אין „אומגליק“, נישט אין „שולד“: ער
ווערט פאַרטיק, מיט זיך, מיט אַנדערע, ער קאָן פ א ר ג ע ס ן, —
ער באַזיצט גענוג קראַפט, אַז אים זאָל אַלץ מ ו ז ן אויספאַלן
צום בעסטן. — נו גוט, איך בין דער ה י פ ך פון אַ דעקאַדענט:
מחמת איך האָב באַשריבן גרייזלעך מ י ך.

3.

דידאָזיקע ד אָ פּ ל ט ע ריי פון דערפאַרונגען, דערדאָזיקער
צוטריט צו כלומרשט געטיילטע וועלטן חזרט זיך איבער אין מיין
נאַטור אין יעדער הינזיכט, — איך בין אַ דאָפּלגעזיכט, איך האָב
אויך נאָך אַ „צווייט“ געזיכט אַ חוץ אַן ערשטס. און אפשר
אויך נאָך אַ דריטס... שוין מיין אָפּשטאַמונג דערלויבט מיר מיטן
בליק אריינצודרינגען אויף יענער זייט פון אַלע נאָר דורך אָרט,
נאָר דורך פאָלק באַדינגטע פערספעקטיוון, איך דאַרף מיך
גאָרנישט אָנשטרענגען צו זיין אַ „גוטער אייראָפּעער“. פון דער
אַנדערער זייט בין איך אפשר מער דייטש, ווי עס זענען דאָס נאָך
אימשטאַנד צו זיין היינטיקע דייטשן, סתם רייכס-דייטשן, — איך,
דער לעצטער אַ נ ט י פּ אָ ל י ט י ש ע ר דייטש. און דאָך זענען מיינע
אבות געווען פּוילישע אַדללייט: איך האָב פונדאַנען אַ סך ראַסן-
אינסטינקטן אין לייב, ווער ווייסט? לסוף גאָר אפילו דאָס
LIBERUM VETO. טראַכט איך וועגן דעם, ווי אָפט מען ווענדט
זיך צו מיר אונטערוועגנס ווי צו אַ פּאָליאַק און דאָס אפילו פּאָ-
ליאַקן גופא, ווי זעלטן מען נעמט מיך אָן פאַר אַ דייטש, וואָלט זיך

געקאָנט אויסדוכטן, אַז איך געהער נאָר צו די אָנגעשפּרענקלטע דייטשן. מיין מוטער אָבער, פראַנציסקאַ עהלער, שטעלט יעדנפאַלס פאָר מיט זיך עפּעס זייער דייטשעס; דאָסגלייכן מיין באָבע מצדן פאָטער, ערדמוטע קראַוזע. די לעצטע האָט געלעבט איר גאַנצע יוגנט אין גוטן אַלטן ווייַמאַר, נישט פרעמד דעם געטעשן קרייז. איר ברודער, דער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע קראַוזע אין קעניגסבערג, איז נאָך הערדערס טויט באַרופן געוואָרן אין ווייַמאַר אַלס גענעראַל־סופּער־אינטענדענט. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איר מוטער, מיין עלטער־באָבע, פיגורירט אונטערן נאָמען „מוטגען" אינעם טאָג־בוך פון יונגן געטע. צום צווייטן מאָל האָט זי חתונה געהאַט מיטן סופּער־אינטענדענט ניטשע אין אייַלענבורג. אינעם טאָג פון גרויסן מלחמה־יאָר 1813, ווען נאַפּאָלעאָן מיט זיין גענעראַלשטאַב איז אַריינגעטרעטן אין אייַלענבורג, ד. 10־טן אָקטאָבער, האָט זי געבוירן א קינד. זי איז אַלס זאַקסין געווען א גרויסע פאַרערערין פון נאַפּאָלעאָן; עס קאָן זיין, אַז איך בין עס נאָך אויך. מיין פאָטער, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1813, איז געשטאָרבן 1849. אייניקע יאָר, איידער ער האָט איבערגענומען דעם אמט פון הויפּט־גייסטלעכן אין דער געמיינדע רעקן נאָענט בייַ לייצן, האָט ער געלעבט אין אַלטענבורגער שלאָס און דאָרט געלערנט די פיר פּרינצעסינס. זיינע תּלמידות זענען די קעניגין פון האַנאָווער, די גרויספירשטין קאָנסטאַנטין, די גרויסהערצאָגין פון אָלדענבורג און די פּרינצעסין טערעזע פון זאַקסן־אַלטענבורג. ער איז געווען פול מיט טיפער פּיעטעט צום פּרייסישן קעניג פרידריך ווילהעלם דעם פערטן, פון וועלכן ער האָט אויך באַקומען דעם אמט פון הויפּט־גייסטלעכן אין דער געמיינדע. די געשעענישן פון יאָר 1848

האָבן אים געוואַלטיק באַטריבט. איך גופא, געבוירן אינם געבורטס־טאָג פון דערמאָנטן קעניג, ד. 15־טן אָקטאָבער, האָב באַקומען — מיט רעכט — די האָהענצאָלערן־נעמען פ ר י ד ר י ך ווילהעלם. איין נוצן האָט יעדנפאַלס געהאַט די וואַל פון דאָזיקן טאָג: מיין געבורטס־טאָג איז אין משך פון מיין גאַנצער קינדהייט געווען א יום־טוב. — איך באַטראַכט עס פאַר א גרויסע פריווילעגיע, וואָס איך האָב געהאַט אַזאַ פאָטער: עס דוכט מיר אפילו, אז דערמיט דערקלערט זיך אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג איבעריקנס פון פריווילעגיעס, — דאָס לעבן, דעם גרויסן יאָ לגבי דעם לעבן נ י ש ט אַריינגערעכנט. קודם־כל, וואָס איך דאַרף לחלוטין נישט דערצו שטרעבן, נאָר בלויז אויסוואַרטן, כדי אומפרייוויליק אַריינצוטרעטן אין א וועלט פון העכערע און דעליקאַטע זאַכן: איך בין דאָרט אינדערהיים, מיין אינערלעכסטע ליידנשאַפט ווערט דאָרט ערשט פריי. וואָס איך האָב שיעור פאַר די דאָזיקע פריווילעגיע מיטן לעבן באַצאָלט, איז געוויס נישט קיין אומגערעכטער מקח. כדי נאָר עפּעס פון מיין זאַראַטוסטראַ צו פאַרשטיין, מוז מען אפשר זיין ענלעך באַדינגט, ווי איך בין, — מיט איין פוס אויף י ע נ ע ר ז י י ט לעבן...

4.

איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען די קונסט, ווי אַזוי אַרויסצורופן קעגן זיך אומגינסטיקע שטימונג — אויך דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין אומפאַרגלייכלעכן פאָטער, — און אפילו דאַן, ווען עס האָט מיר געדוכט צו זיין פון א גרויסן ווערט. איך בין צומאָל, ווי שטאַרק אומקריסטלעך דאָס זאָל נישט אויסקומען תמיד, אפילו קעגן מיר אַליין נישט אומגינסטיק געשטימט.

מ׳קאָן מיין לעבן אויף אַלע זייטן ווענדן, מ׳ווערט נאָר זעלטן, אין
תוך נאָר איין איינציק מאָל אַנטדעקן דערין שפּורן, אַז ס׳זאָל
ווער האָבן אַרויסגעוויזן קעגן מיר בייזן ווילן, — אפשר אָבער
א ביסל צו פיל־שפּורן פון גוטן ווילן... מיינע דערפאַרונגען
אפילו מיט אַזעלכע, וואָס מיט זיי מאכט יעדער שלעכטע דער-
פאַרונגען, רעדן אָן אויסנאַם צו זייער גונסטן. איך מאַך פרידלעך
יעדן בער, איך מאַך די לצים אפילו אַרטיק. אין משך פון די
זיבן יאָר, וואָס איך האָב געפירט דעם למוד פון גריכיש אינם
אויבערשטן קלאַס פון באַזעלער פּעדאַגאָגיום, האָב איך נישט
געהאַט קיין סבה צו פאַראָרדענען א שטראָף; די פוילסטע זע-
נען ביי מיר געווען פלייסיק. איך האָב אַלעמאָל באַהערשט דעם
צופאַל; איך מוז זיין נישט פאָרגעברייט, כדי זיך צו באַוועלטיקן.
דער אינסטרומענט, זאָל ער זיין וואָסאַר איז, זאָל ער זיין אַזוי
צעסטרויעט, ווי עס קען נאָר זיין צעסטרויעט דער אינסטרומענט
„מענטש", איך וואָלט געמוזט קראַנק זיין, ווען עס זאָל מיר נישט
געלינגען פון אים אַרויסצובאַקומען עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך
הערן. און ווי אָפט האָב איך דאָס פון די „אינסטרומענטן" אליין
געהערט, אַז זיי האָבן זיך נאָך קיינמאָל נישט געלאָזט אזוי
הערן... צום שענסטן אפשר פון יענעם אומפאַרצייַלעך יונג-
פאַרשטאָרבענעם היינריך פאָן שטיין, וועלכער איז אמאָל, נאָך א
דורך פיל מי דערגרייכטער דערלויבעניש, געקומען אויף דריי טעג
קיין סילס־מאַריא, דערקלערנדיק יעדן, אַז נ י ש ט צוליב ענ-
גאַדין איז ער געקומען. דערדאָזיקער אויסגעצייכנטער מענטש,
וואָס איז מיט זיין גאַנצער שטורמישער תמימות פון א פּרייסישן
יונקער פאַרקראָכן אין דעם וואַגנערישן זומפּ (— און אויסער-
דעם נאָך אינם דיורינגעשן !), איז דידאָזיקע דריי טעג געווען

ווי פאַרוואַנדלט דורך א שטורמווינט פון פרייהייט, גלייך ווי איינער,
וואָס ווערט מיטאַמאָל אַרויפגעהויבן אין *זיין* הויך און באַ-
קומט פליגל. איך האָב אים אַלעמאָל געזאָגט, אַז דאָס איז גורם
די גוטע לופט דאָ אויבן, אַזוי גייט עס יעדן, נישט אומזיסט איז
מען 6000 פוס איבער ביירעט, — אָבער ער האָט עס מיר נישט
געוואָלט גלויבן... אויב טראָץ דעם איז קעגן מיר באַגאַנגען גע-
וואָרן וועלכעס איז קליין אָדער גרויס שלעכטס, איז נישט „דער
ווילן", צום ווייניקסטן דער *בייזער* ווילן געווען די סבה
דערפון. גיכער וואָלט איך מיך שוין — איך האָב נאָר וואָס דע-
רויף אָנגעוויזן — געקאָנט באַקלאָגן אויף דעם גוטן ווילן, וואָס
האָט מיר נישט קיין קליינע צערודערונג אַריינגעבראַכט אין
מיין לעבן. מיינע דערפאַרונגען גיבן מיר א רעכט צו חשד
בכלל קעגן די אַזוי גערופענע „אומעגאָיסטישע" טריבן, קעגן
דער גאַנצער צו ראַט און טאַט אָנגעברייטער „נאָענטסטן-ליבע".
איך האַלט זי אין תוך פאַר א שוואַכקייט, פאַר א באַזונדערן
פאַל פון אומפעיקייט צו ווידערשטאַנד קעגן רייצונגען, — דאָס
*מיטלייד* הייסט נאָר ביי דעקאַדענטן א טוגנט. איך וואַרף
פאָר די בעלי-רחמים, אַז זיי פאַרלירן לייכט די בושה, די ער-
פאָרכטיקייט, דאָס פיינגעפיל פאַר דיסטאַנצן, אַז מיטלייד שמעקט
אין איין רגע מיט המון און זעט אויס צום פאַרבייטן גלייך ווי
שלעכטע מאַניערן, אַז מיטליידיקע הענט קאָנען ביי געוויסע
אומשטענדן גראָד צעשטערעריש זיך אַריינשפאַרן אין א גרויס
שיקזאַל, אין א פאַריינזאַמונג צווישן וווּנדן, אין א *פאָררעכט*
אויף שווערע שולד. דאָס גובר זיין דאָס מיטלייד פאַררעכן איך
צו די *פאָרנעמע* טוגנטן: איך האָב אַלס „נסיון פון זאַראַ-
טוסטראַ" געדיכטעט אַזא פאַל, ווו א גרויס נויטגעשריי דערגייט

צו אים און דאָס רחמנות־געפיל וויל אים באַפאַלן ווי א לעצטע זינד, וויל אים מאַכן פעלשן אָן זיך. דאָ צו בלייבן האַר, דאָ צו האַלטן ריין די הויך פון זיין אויפגאַבע פון די פיל נידע־ריקערע און קורצזיכטיקערע נטיורת, וואָס זענען טעטיק ביי די אזוי גערופענע הומעגאָיסטישע האַנדלונגען, דאָס איז דער נסיון, דער לעצטער נסיון אפשר, וואָס א זאַראַטוסטרא דאַרף ביישטיין — זיין אמתער באַווייז פון קראַפט...

5.

איך נאָך אין אַן אַנדערן פרט בין איך בלויז ווידעראַמאָל מיין פאָטער און אַזוי ווי זיין ווייטער־לעבן נאָך א צו יונגן טויט. פונקט ווי יעדער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלעבט צווישן זיינס־גלייכן און דער באַגריף „פאַרגעלטונג" איז אים אזוי נישט צו־געגנגלעך, ווי למשל דער באגריף „גלייכע רעכט", פאַרביט איך מיר אין פאַלן, ווען עס ווערט קעגן מיר באַגאַנגען א קליין אָדער זייער גרויס נארישקייט, יעדעס אָננעמען פון קעגנמיטלען, פון שוצמיטלען, — ווי ריכטיק, אפילו יעדע פאַרטיידיקונג, יעדע "רעכטפאַרטיקונג". מיין אופן פון פאַרגעלטן באַשטייט דערין, וואָס שנעלער דער נאַרישקייט נאָכצושיקען א קלוגהייט: אזוי־ערנאָך דעריאָגט מען זי נאָך אפשר. בדרך משל גערעדט: איך שיק נאָך א טאָפּ מיט קאָנפיטורן, כדי פטור צו ווערן פון א זויערער געשיכטע... מ'דאַרף מיר נאָר עפּעס שלעכטס טון, איך „פאַרגעלט" עס, דערין קאָן מען זיין זיכער: איך געפין גיך א געלעגנהייט דעם „שלעכטסטוער" אויסצודריקן מיין דאַנק (טיילמאָל אפילו פאַר דאָס שלעכטס)—אָדער אים צו בעטן עפּעס, וואָס קאָן זיין פאַרפליכטנדיקער, ווי געבן עפּעס. אויך דוכט זיך מיר,

אַז דאָס גרעבסטע וואָרט, דער גרעבסטער בריוו זענען נאָך איידע־לער, נאָך פיינער, איידער שווייגן. אַזעלכע, וואָס שווייגן, פארמאָגן כמעט קיינמאָל נישט פיינקייט און איידלקייט פון הארץ; שווייגן איז אַן אָפּווענדונג, אַראָפּשלינגען שאַפט גיטוועדיק אַ שלעכטן כאַראַקטער, — עס פאַרדאַרבט אפילו דעם מאָגן. אַלע שווייגערס ליידן פון שלעכטער פארדייונג. מ'זעט, איך וואָלט נישט וועלן, די גראָבקייט זאָל בלייבן נישט דערשאַצט, זי איז בכלל די הו־מאַנישסטע פאָרם פון ווידערשפּרעכונג אין מיטן פון דער מאָדערנער פאַרצערטלטקייט, איינע פון אונזערע איבערשטע טוגנטן. ווען מ'איז גענוג רייך דערצו, איז עס אַפילו אַ גליק צו האָבן אומרעכט. אַ גאָט, וואָס וואָלט אַראָפּגעקומען אויף דער ערד, וואָלט באַדאַרפט טון נישט עפּעס אַנדערש, ווי בלויז אומ־רעכט, — נישט די שטראָף אויף זיך נעמען, נייערט די שולד, דאָס וואָלט זיין ערשט געטלעך.

6.

דאָס פריי־זיין פון רעסענטימענט, די אויפקלערונג מכּח רע־סענטימענט,—ווער ווייסט, ווי שטאַרק איך האָב דאָס לסוף צו פאַר־דאַנקען מיין לאַנגער קראַנקהייט! דאָס פּראָבלעם איז גראָד נישט איינפאַך: מען מוז עס האָבן אויס דער שטאַרקייט און אויך דער שוואַכקייט אַרויס איבערגעלעבט. אויב עס דאַרף בכלל יאָ עפּעס אַרויסגעזאָגט ווערן קעגן דעם צושטאַנד פון קראַנק־זיין, פון שוואַך־זיין, איז עס דאָס, אַז אין אים ווערט אָפּגעשוואַכט דער אייגנט־לעכער היילאינסטינקט, ד. ה. דער ווער־ און וואָפן־אינסטינקט אינם מענטש. מ'קאָן פון גאָרנישט לויז ווערן, מ'קאָן מיט גאָרנישט פאַרטיק ווערן, מ'קאָן גאָרנישט אָפּשטויסן—אַלץ שאַפט

א חונד. מענטש און זאך טרעטן צודרינגלעך נאָענט צו. די איבערלעבונגען פאַרווונדן צו טיף, די דערינערונג איז אן אייטער־דיקע ווונד. קראַנק־זיין איז א מין רעסענטימענט אליין. — קעגן דעם האָט דער קראַנקער נאָר איין גרויס היילמיטל, — איך רוף עס אָן רוסישער פאַטאַליזם, יענער פאַטאַליזם אָן בונט, מיט וועלכן א רוסישער סאָלדאַט, אַז דער קריגס־מאַרש ווערט אים צו שווער, לייגט ער זיך לסוף אנידער אין שניי אריין. גאָרניש בכלל מער אָננעמען, צו זיך נעמען, אין זיך אַריינגעמען,—בכלל נישט מער רעאַגירן... דער גרויסער זין פון אָט דעם פאַטאַליזם, וועלכער איז נישט תמיד בלויז דער מוט צום טויט, ווי די דערהאַלטונג פון לעבן ביי לעבנסגעפערלעכע באַדינגונגען, ליגט אין דער פאַרמינדערונג פון שטאָפוועקסל, אין זיין פאַרלאַנגזאַמונג, אין א מין חשק צו פאַרזינקען אין א ווינטער־שלאָף. א פּאָר שריט ווייטער אין דערדאָזיקער לאָגיק, און מ׳האָט דעם פאַקיר, וואָס שלאָפט וואָכן־לאַנג אין א קבר... ווייל מ׳וואָלט זיך צו שנעל פאַרנוצט, ווען מ׳וואָלט איבערהויפּט רעאַגירט, רעאַגירט מען אינגאַנצן נישט מער: דאָס איז די לאָגיק. און מיט קיין זאַך ברענט מען נישט אַזוי גיך אָפּ, ווי מיט רעסענטימענט־אַפעקטן. דער ערגער, די קרענקלעכע באַליידיקונגס־עמפינדלעכקייט, די אָנמאַכט צו נקמה, דער באַגער, דער דורשט צו נקמה, דאָס גיפט־מישן אין יעדן זין — דאָס איז פאַר דערשעפטע זיכער דער ערגסטער אופן צו רעאַגירן: א שנעלע פאַרנוצונג פון נערוון־קראַפט, א קרענקלעכע שטייגערונג פון אויספּליסונגען, צום ביישפּיל פון דער גאַל אין דעם מאָגן אַריין, איז דערמיט באַדינגט. דער רעסענטימענט איז פאַרן קראַנקן דאָס פאַרבאָטענע אין זיך — זיין בייז: ליידער אויך זיין נאַטירלעכסטע

נייגונג. דאָס האָט פאַרשטאַנען יענער טיפער פיזיאָלאָג בודדאַ־
זיין „רעליגיע”, וועלכע מ'וואָלט גיכער באַדאַרפט באַצייכענען
אַלס ה י ג י ע נ ע, כדי זי נישט צונויפמישן מיטן אַזעלכע שפּלע
זאַכן, ווי דאָס קריסטנטום איז, האָט געמאַכט אָפּהענגיק איר
ווירקונג פון נצחון איבער דעם רעסענטימענט: מאַכן פריי ד ע ר־
פ ו ן די נשמה — דאָס איז דער ערשטער שריט צום געזונט־
ווערן. „נישט דורך פיינטשאַפט קומט פיינטשאַפט צו ענד, דורך
פריינטשאַפט קומט פיינטשאַפט צו ענד”: דאָס שטייט אין אָנהויב
פון בודדאַס לערע — אַזוי רעדט נ י ש ט די מאָראַל, אַזוי רעדט
די פיזיאָלאָגיע. — דער רעסענטימענט, פון דער שוואַכקייט גע־
בוירן, קיינעם נישט שעדלעכער, ווי דעם שוואַכן אַליין, — דער־
קייגן, וווּ עס האַנדלט זיך וועגן א רייכער נאַטור, איז עס א גע־
פיל פון א י ב ע ר פ ל ו ס, אַ געפיל, וואָס, אַז מ'קאָן עס באַ־
הערשן, איז עס כמעט דער באַווייז פון רייכטום. ווער עס קען
דעם ערנסט, מיט וועלכן מיין פילאָזאָפיע האָט אויפגענומען דעם
קאַמף מיט די געפילן פון נקמה און בייזקייט ביז טיף אין די
לערע פון „פרייען ווילן” — דער קאַמף מיט דעם קריסטנטום
איז נאָר א פּרט דערפון — דער וועט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך
קלער דאָ גריילעך אויף מיין פערזענלעך פאַרהאַלטן זיך, מיין
א י נ ס ט י נ ק ט ־ ז י כ ע ר ק י י ט אין דער פּראַקטיק. אין צייטן
פון דעקאַדאַנס האָב איך זיי מיר פ אַ ר ב אָ ט ן ווי עפּעס שעד־
לעכס; ווי נאָר דאָס לעבן איז ווידער געווען דערצו גענוג רייך און
שטאָלץ, האָב איך מיר זיי פאַרבאָטן ווי עפּעס נ י ד ע ר י ק ע ר ס
פון מיר. יענער „רוסישער פאַטאַליזם”, פון וועלכן איך האָב
גערעדט, האָט זיך אויסגעדריקט ביי מיר אין דעם, וואָס איך
האָב מיך יאָרן־לאַנג געהאַלטן פעסט אין כמעט אומדערטרעג־

לעכע לאָגעס, ערטער, ווינונגען, געזעלשאַפטן, וויבאַלד זיי זענען
אַמאָל, דורך צופאַל, געגעבן געוואָרן, — עס איז געווען בעסער
ווי ענדערן זיי, ווי פילן, אַז זיי לאָזן זיך פאַרענדערן, — ווי
בונטעווען זיך קעגן זיי... זיך אין דעמדאָזיקן פאַטאַליזם שטערן,
זיך מיט כח אויפוועקן האָב איך דאַמאָלס געהאַלטן פאַר גע-
וואַלטיק שעדלעך: אין דער אמתן איז עס געווען אויך יעדעס-
מאָל טויט-געפערלעך. — זיך אַליין באַטראַכטן ווי אַ פאַטום,
נישט וועלן זיך „אַנדערש" — דאָס איז אין אַזעלכע באַדינגונגען
די גרויסע פאַרנונפט אַליין.

7.

אַן אַנדערע זאַך איז די קריג. איך בין פון דער טבע
קריגעריש. אָנגרייפן געהערט צו מיינע אינסטינקטן. קאָנען
זיין אַ פיינט, זיין אַ פיינט — דערצו דאַרף מען אפשר זיין אַ
שטאַרקע נאַטור, יעדנפאַלס איז עס באַדינגט אין יעדער שטאַר-
קער נאַטור. זי דאַרף האָבן ווידערשטאַנדן, במילא זוכט זי
ווידערשטאַנד: דער אַגרעסיווער פּאַטאָס געהערט פונקט
אַזוי נויטווענדיק צו דער שטאַרקקייט, ווי דאָס נקמה- און ביין-
קייט-געפיל צו דער שוואַכקייט. די פרוי למשל איז נקמה-באַ-
גערנדיק: דאָס איז אין איר שוואַכקייט באַדינגט, פונקט אַזוי ווי
איר עמפינדלעכקייט צו פרעמדער נויט. די שטאַרקקייט פון דעם
אָנגרייפנדיקן האָט אין דער קעגנערשאַפט, אין וועלכער ער נוי-
טיקט זיך, אַ מין מאָס; וועגן יעדעס וואַקסן זאָגט עדות דאָס
אויפזוכן פון אַ געוואַלטיקן קעגנער — אָדער פּראָבלעם: ווייל
אַ פילאָזאָף, וואָס איז קריגעריש, פאָדערט ארויס אויך פּראָבלעמען
צום קאַמף. די אויפגאַבע באַשטייט נישט דערין, אַז מ'זאָל

בכלל גובר זיין ווידערשטאַנדן, נאָר אַז מ׳זאָל גובר זיין אַזעלכע, וואָס מ׳דאַרף ביי זיי אײַנשטעלן זיין גאַנצע קראַפט, געשיקטקייט און וואָפן־מייסטערשאַפט, — ג ל ײ כ ע קעגנער... גלייכהייט לגבי דעם פיינט — דאָס איז דער ערשטער תּנאי צו אַן ע ר ל ע כ ן דועל. ווו מען פאַראַכט, קאָן מען נישט פירן קריג; ווו מען באַ־פעלט, ווו מען באַטראַכט עפּעס נ י ד ע ר י ק ע ר פון זיך, האָט מען נישט צו פירן קריג. — מיין קריגס־פּראַקטיק קאָן מען אין פיר הנחות אויפשטעלן. ערשטנס: איך גרייף נאָר אָן זאַכן, וואָס זענען זיגרייך, — איך וואַרט ביי אומשטענדן, ביז זיי זע־נען זיגרייך. צווייטנס: איך גרייף נאָר אָן זאַכן, ווו כ׳וואָלט נישט געפונען קיין פאַרבינדעטע, ווו איך שטיי אַליין, — ווו איך קאָמ־פּראָמיטיר מיך אַליין... איך האָב קיינמאָל נישט געטון עפנטלעך קיין שריט, וואָס זאָל נישט קאָמפּראָמיטירן: דאָס איז מ יין קרי־טעריום פאַר רעכטער האַנדלונג. דריטנס: איך גרייף קיינמאָל נישט אָן פּערזאָנען, — איך באַנוץ מיך מיט א פּערזאָן נאָר ווי מיט א שטאַרק פאַרגרעסערונג־גלאָז, וואָס מ׳קאָן דערמיט מאַכן זעבאַר אַן אַלגעמיינעם, אָבער גליטשיקן, קנאַפּ אָנטאַפּעוודיקן נויט־צושטאַנד. אזוי האָב איך אָנגעגריפן דאַוויד שטראַוסן, פּינקטלעכער דעם ד ע ר פ אָ ל ג פון אַן אַלטקייט־שוואַכן בוך ביי דער דייטשער „בילדונג", — איך האָב דידאָזיקע בילדונג דערטאַפּט דערביי אין דער טאַט... אזוי האָב איך אָנגעגריפן וואַג־נערן, פּינקטלעכער די פאַלשקייט, די אינסטינקט־האַלבקייט פון אונזער „קולטור", וועלכע מישט צונויף די ראַפינירטע מיט די רייכע, די שפּעט־געקומענע מיט די גרויסע. פערטנס: איך גרייף נאָר אָן זאַכן, ווו ס׳איז אויסגעשלאָסן יעדע פּערזאָנען־דיפערענץ, ווו ס׳פעלט יעדער הינטערגרונט פון שלעכטע דערפאַרונגען. פאַר

קערט, אָנגרייפן איז ביי מיר א באַווייז פון גוטגינציקייט, ביי געוויסע אומשטענדן פון דאַנקבאַרקייט. איך ער, איך צייכן אויס דערמיט, וואָס אין איך פאַרבינד מיין נאָמען מיט דעם נאָמען פון אַ זאַך, פון א פערזאָן: פאַר אָדער קעגן — דאָס איז מיר נישט קיין חלוק. ווען איך פיר קריג מיטן קריסטנטום, שטייט עס מיר אָן ווייל פון דערדאָזיקער זייט האָבן מיר נישט פאַסירט קיין שום פאַטאַליטעטן און שטערונגען, — די ערנסטסטע קריסטן זענען תמיד צו מיר גינציק געשטימט. איך זעלבסט, א קעגנער פון קריסטנטום DE RIGUEUR, בין ווייט דערפון אויסצולאָזן צו איינצלנע, וואָס ס'איז דער גורל פון טויזנטער יאָרן.

8.

צי מעג איך מיך דערוועגן אויף נאָך אַ לעצטן שטריך פון מיין נאַטור אָנצווייזן, וואָס ער פאַרשאַפט מיר נישט קיין קליינע שוועריקייט ביים פאַרקער מיט מענטשן? מיר איז אייגן א פולקום אומהיימלעכע עמפינדלעכקייט פון ריינקייט-אינסטינקט, אַזוי אַז די נאָענטקייט אָדער — וואָס זאָג איך? -- דאָס אינערלעכסטע, דאָס „אינגעווייד" פון יעדער נשמה דערפיל איך פיזיאָלאָגיש — ד ע ר ש מ ע ק איך... איך האָב אין דערדאָזיקער עמפינדלעכקייט מיינער פסיכאָלאָגישע פיהל-האָרנדלעך, מיט וועלכע איך טאַפּ אָן יעדעס געהיימניש און באַקום עס אין די האַנט: דער פילער פ א ר ב א ר ג ע נ ע ר שמוץ אין דער טיף פון א נאַטור, אפשר אינם שלעכטן בלוט באַדינגט, נאָר צוליב דערציונג פאַרהוילן, ווערט מיר באַוווסט שוין כמעט ביי דער ערשטער באַרירונג. אויב איך האָב ריכטיק באַאָבאַכט, עמפינדן אַזעלכע נאַטורן, אומדערטרעגלעכע פאַר מיין ריינלעכקייט, אויך פון זייער זייט די פאָרזיכט

פון מיין עקל: זייער ריח ווערט דערמיט נישט בעסער... אזוי ווי איך האָב מיך תמיד געוווינט — אַן עקסטרעמע לויטערקייט לגבי מיר איז דער באַדינג פון מיין לעבן, איך קום אום ביי אומריי־ רייִנע באַדינגונגען, — שווים איך און באָד מיך און פּלעסקע מיך אַזויווי באַשטענדיק אין וואַסער, אין עפּעס אַ פולקום דורכזיכ־ טיקן און גלאַנציקן עלעמענט. דאָס מאַכט מיר אויס דעם פּאַרקער מיט מענטשן נישט קיין קליינעם נסיון פון סבלנות; מיין הו־ מאַניטעט באַשטייט נ י ש ט דערין, וואָס איך זאָל מיטפילן, ווי דער מענטש איז, נאָר איך זאָל א ו י ס ה אַ ל ט ן, וואָס איך פיל אים נעבן זיך... מיין הומאַניטעט איז אַן אייביק גובר־זיין זיך אַליין. — אָבער איך האָב א יי נ ז אַ מ ק יי ט נויטיק, כ'מיין צו זאָגן געזונטווערן, צוריקקער צו מיר, דעם אָטעם פון אַ פריי־ ער לייכטער שפּילעוודיקער לופט... מיין גאַנצער זאַראַטוסטראַ איז אַ דיפיראַמב צו דער איינזאַמקייט, אָדער, וויבאַלד מ'האָט מיך פאַרשטאַנען, צו דער ר יי נ ק יי ט... צום גליק נישט צום ר יי־ נ ע ם א ו מ ז י ן. — ווער ס'האָט אויגן פאַר פאַרבן, וועט אים אָנרופן דימענטן. — דער ע ק ל צום מענטש, צום „ערב־רב" איז שטענדיק געווען מיין גרעסטע געפאַר. ווילט מען הערן די רייד, אין וועלכע זאַראַטוסטראַ רעדט וועגן דער ד ע ר ל יי ז ו נ ג פונם עקל?

„וואָס איז מיר דאָך געשען? וויאַזוי האָב איך מיך דערלייזט פון עקל? ווער האָט יונג געמאַכט מיין אויג? וויאַזוי בין איך דערפלויגן צו דער הויך, וווּ קיין ערב־רב זיצט נישט מער ביים ברונעם?

האָט מיין עקל גופא מיר פליגל געשאַפן און כחות, וואָס אָנען די קוואַלן? באמת, אין די העכסטע הויך האָב איך פליען

געמוזט, אז כ'זאָל ווידער געפינען דעם קוואַל פון פרייד! —

אָ, איך האָב אים געפונען, מיינע ברידער! דאָ אין דער העכסטער הויך פליסט מיר דער קוואַל פון פרייד! און ס'איז דאָ א לעבן, וווּ קיין ערב־רב טרינקט נישט מיט!

כמעט צו האַסטיק שטראָמסטו מיר, דו קוואַל פון פרייד! און אָפט לעערסט דו ווידער דעם בעכער אויס, דערדורך, וואָס דו ווילסט אים אָנפילן.

און נאָך מוז איך מיך אויסלערנען באַשיידענער צו דיר גע־נענען: צו פיל האַסטיק שטראָמט דיר מיין האַרץ נאָך אַנטקייגן:

— מיין האַרץ, אויף וועלכן דער זומער ברענט, דער קורצער, הייסער, מרה־שחורה־דיקער, איבערגליקלעכער; ווי באַגערט מיין זומער־האַרץ דיין קילקייט!

אַריבער דער זוימענדער אומעט פון מיין פרילינג! פאַר־שווונדן די שניי־פלאַסטערס פון מיין בייזקייט אין יוני! זומער בין איך געוואָרן אינגאַנצן און מיטאָג אין זומער, —

— א זומער אין דער העכסטער הויך מיט קאַלטע קוואַלן און א זעליקער שטילקייט: אָ, קומט מיינע פריינט, אז נאָך זעלי־קער זאָל ווערן די שטילקייט!

ווייל דאָס איז אונזער הויך און אונזער היים־לאַנד: צו הויך און שטאַרק־משופּע וווינען מיר דאָ פאַר אַלע אומ־ריינע און זייער דורשט.

וואַרפט נאָר אייערע ריינע בליקן אין דעם קוואַל פון מיין פרייד, איר פריינט! ווי זאָל ער צוליב דעם טריב ווערן? לאַכן זאָל ער אייך אַנטקייגן מיט זיין ריינקייט!

אויף דעם בוים צוקונפט בויען מיר אונזער נעסט; אָדלערס זאָלן אונז איינזאַמע שפּייז ברענגען אין זייערע שנאָבלען!

באמת, נישט קיין שפּייז, וואָס אומציכטיקע זאָלן מעגן מיט־עסן! פייער וואָלט זיך זיי דוכטן, אַז זיי פרעסן און זיי וואָלטן זיך די מיילער פאַרברענען!

באמת, נישט קיין היימען האַלטן מיר דאָ אָנגעבּרייט פאַר אומציכטיקע! אַן אײַז־הייל פאַר זייערע לייבער וואָלט אונזער גליק זיי געהייסן און פאַר זייערע גייסטער.

און ווי שטאַרקע ווינטן ווען מיר לעבּן איבער זיי, שכנים צו די אָדלערס, שכנים צו דעם שניי, שכנים צו דער זון: אַזוי לעבּן שטאַרקע ווינטן.

און גלייך ווי אַ ווינט וועל איך אַמאָל נאָך בּלאָזן צווישן זיי און מיט מיין גייסט פאַרכאַפּן דעם אָטעם פון זייער גייסט: אַזוי וויל עס מיין צוקונפט.

באמת, אַ שטאַרקער ווינט איז זאַראַטוסטראַ פאַר אַלע פלאַכקייטן: און אַזאַ עצה גיט ער זיינע פיינט און אַלץ, וואָס שפּייט און גאַווערט: היט אייך צו שפּייען אַ נ ט ק י י ג ן דעם ווינט.“

פאַרוואָס איך פאַרמאָג אַזויפיל קלוגשאַפט. פאַרוואָס איך ווייס איינציקע זאַכן מער? פאַרוואָס איך בין איבערהויפט אַזוי קלוג? איך האָב קיינמאָל נישט נאָכגעטראַכט איבער פראַגן, וואָס זענען קיין פראַגן נישט, — איך האָב מיך נישט פאַר-שווענדט. — אייגנטלעכע רעליגיעזע קאָנפליקטן למשל קען איך נישט פון דערפאַרונג. איך האָב לחלוטין נישט באַ-מערקט, ווי ווייט „זינדיק" איך זאָל זיין. דאָסגלייכן פעלט מיר אַ זיכערער קריטעריום דערפאַר, וואָס אַזוינס אַ געוויסנסביס איז: לויט דעם, וואָס מ'הערט דערוועגן, שיינט מיר אַ געוויסנס-ביס צו זיין נישט עפּעס אַכטבאַרס.... איך וואָלט מיך פון אַ האַנ-דלונג נישט אָפּגעזאָגט נאָך איר געשעען, איך וואָלט בע-סער וועלן דעם שלעכטן אויסגאַנג, די פאָלגן גרונטזעצלעך אויסשליסן פון דער פראַגע מכח באַדייט. מ'פאַרלירט ביים שלעכטן אויסגאַנג גאָר צו לייכט דעם ריכטיקן בליק פאַר דעם, וואָס מ'האָט געטון: אַ געוויסנסביס, שיינט מיר, איז אַ מין „בייזער בליק". אַ זאַך, וואָס גיט זיך נישט איין, זאָל מען גראָד וואָס מער ביי זיך ערן, ווייל זי האָט זיך נישט איינגעגעבן — דאָס גע-הערט גיכער שוין צו מיין מאָראַל. — „גאָט", „אומשטערבלעכ-קייט פון דער נשמה", „דערלייזונג", „יענע וועלט" — לויטער באַגריפן, וואָס איך האָב זיי קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געשענקט,

אויך קיין צייט נישט, צומאָל נישט אַלס קינד,— איך בין אפשר קיינמאָל נישט געווען גענוג קינדלעך דערצו? — איך קען דעם אַטעיזם דורכויס נישט ווי א רעזולטאַט, נאָך ווייניקער ווי אַ געשעעניש: ער פאַרשטייט זיך ביי מיר פון אינסטינקט. איך בין צו נייגעריק, צו פּראָבלעמאַטיש, צו שטאָלץ, אז כ׳זאָל מיר לאָזן געפעלן א פויסט-גראָבן ענטפער. גאָט איז אַ פויסט-גראָבער ענטפער, אַן אומדעליקאַטקייט לגבי אונז דענקער, — אין גרונט אַפילו גאָר א פויסט-גראָבער פאַרבאָט צו אונז: איר זאָלט נישט דענקען!... גאַנץ אַנדערש אינטערעסירט מיך א פראַגע, פון וועלכער דאָס „גליק פון דער מענטשהייט" ה ענגט מער אָפּ, ווי פון וועלכער-איז טעאָלאָגישער קוריאָזיטעט: די פראַגע פון דער דערנערונג. מ׳קאָן זי זיך, צום געוויינלעכן געברויך, אזוי פאָרמולירן: „ווי דאַרפסט גראָד דו זיך דערנערן, כדי צו דער-גרייכן דיין מאַקסימום פון קראַפט, פון VIRTU אין רענעסאַנס-סטיל, פון טוגנט, וואָס איז פריי פון מאָראַליזם?" — מיינע דערפאַרונגען זענען דאָ אזוי שלעכט, ווי ס׳קאָן נאָר זיין; איך בין דערשטוינט, וואָס דידאָזיקע פראַגע האָב איך אזוי שפּעט געהערט, וואָס פון דידאָזיקע דערפאַרונגען האָב איך אזוי שפּעט „שכל" געלערנט. נאָר די פולקומע נישטיקייט פון אונזער דייטשער בילדונג — איר „אידעאַליזם" — איז פאַר מיר געוויסערמאָסן א דערקלערונג, פאַרוואָס איך בין גראָד דאָ געווען הינטערשטעליק ביז צו תמימות. דידאָזיקע „בילדונג", וואָס לערנט פון אָנהויב פאַר-לירן די רעאַליטעטן פון די אויגן, כדי זיך נאָכצויאָגן נאָך דורכויס פּראָבלעמאַטישע, אזוי-גערופענע „אידעאַלע" צילן, נאָך דער „קלאַסישער בילדונג" למשל: — גלייך ווי דאָס פאַראייניקן „קלאַסיש" און „דייטש" אין איין באַגריף וואָלט נישט זיין אין פאָ-

רויס פאראורטיילט! נאָך מער, ס'איז צום לאַכן, — שטעלט אייך פאָר א „קלאַסיש געבילדעטן" לייפּציקער!—באמת, ביז אין מיינע רייפסטע יאָרן האָב איך תּמיד נאָר ש ל ע כ ט געגעסן, — מאָראַליש אויסגעדריקט „אומפּערזענלעך", „אומעגאָיסטיש" „אַלטרויסטיש", צום ווויל פון די קעכערס און אַנדערע קריסטן־ברידער. איך האָב דורך דער לייפּציקער קיך למשל, גלייכצייטיק מיט מיין ערשטן שטודיום פון שאָפּנהויערן (1865), זייער ערנסט נעגירט מיין „ווילן צום לעבן". צוליב קאַרגער דערנערונג זיך אויך נאָך דעם מאָגן פאַרדאַרבן — דאָסדאָזיקע פּראָבלעם, דוכט מיר, האָט די דער־מאָנטע קיך צום שטוינען גוט געלעזט. (מ'זאָגט, אַז דאָס יאָר 1866 זאָל האָבן אַריינגעבראַכט אין דער זאַך א ווענדונג —). אָבער די דייטשע קיך בכלל — וואָס האָט זי נישט אַלץ אויפן געוויסן! די זופּ פ א ר ן מאָלצייט (נאָך אין ווענעציאַנישע קאָך־ביכער פון 16־טן יאָרהונדערט ווערט דאָס אָנגערופן ALLA TEDESCA); די אויסגעקאָכטע פליישן, די פעט און מעליק געמאַכטע געמיזעס; די אַנטאַרטונג פון א מעלשפּייזע אין א בריוו־פּרעס! רעכנט מען נאָך גאָר צו די אייפאַך בהמה־שע נאָכטרינק־באַדערפענישן פון די אלטע, דורכויס נישט בלויז אַ ל ט ע דייטשן, באַגרייפט מען אויך דעם שורש פון ד י י ט ש ן ג י י ס ט — פון פאַרדאָרבענע געדע־רים... דער דייטשער גייסט איז א מין נישט־פאַרדייען, ער ווערט מיט גאָרנישט פאַרטיק. — אָבער אויך די ענגלישע דיעטע, וואָס אין פאַרגלייך מיט דער דייטשער, אפילו פראַנצויזישער דיעטע, איז זי א מין „צוריקקער צו דער נאַטור", ד. ה. צום קאַניבאַליזם, איז שטאַרק דערווידער מיין אייגענעם אינסטינקט; עס דוכט מיר, אַז זי פאַרשאַפט דעם גייסט ש וו ע ר ע פיס — ענגלענדערין־פיס... די בעסטע קיך איז די פ י ע מ אָ נ ט י ש ע.—אַלקאָהאָלן זענען פאַר

מיר שעדלעך; אַ גלאַז וויין אָדער ביר אין אַ טאָג איז פילשטענדיק
גענוג צו מאַכן מיר פון לעבן אַן „עמק הבכא“,—אין מינכען לעבן
מיינע אַנטיפּאָדן. זאָל זיין, איך האָב אָט דאָס אַביסל שפּעט באַ־
גריפן, איבערגעלעבט האָב איך עס באמת פון קינדהייט
אָן. אַלס יינגל האָב איך געגלויבט, אַז וויין טרינקען איז פּונקט
ווי רויכערן מתחלת נאָר אַ פּוסטע גאווה פון יונגע מענטשן,
שפּעטער אַ שלעכטע געוויינונג. מעגלעך, אַז אין דאָזיקן האַרבן
אורטייל איז אויך שולדיק דער נאַאומבורגער וויין. צו גלויבן,
אַז דער וויין מאַכט פריילעך, דערצו וואָלט איך געדאַרפט
זיין אַ קריסט, ד. ה. גלויבן אין דעם, וואָס ס'איז גראָד פאַר מיר
אַן אַבסורד. ס'איז מאָדנע גענוג, אויב צוליב קליינע, שטאַרק
געמישטע דאָזעס אַלקאָהאָל ווער איך איסערסט שלעכט גע־
שטימט, איז, ווען עס האַנדלט זיך אין שטאַרקע דאָזעס, ווער
איך כמעט אַ מאַטראָז. שוין אַלס יינגל האָב איך דאָ אַרויסגעוויזן
מיין בריהשקייט. אָנשרייבן אַ לאַנגע לאַטיינישע אָפּהאַנדלונג
אין איין וואכנאכט און זי נאָך אויך איבערשרייבן, מיט דער אַמ־
ביציע אין דער פען דאָס נאָכצוטון מיין פאָרבילד סאַלוסט אין פּרט
פון שטרענגקייט און געדרענגטקייט פון סטיל און פאַרטרינקען מיין
לאַטיין מיט אַ גראָג פון גרעסטן קאַליבר, אָט דאָס איז שוין,
בעת איך געווען דער שילער פון דער חשובער שולפּפאָרטאַ,
לגמרי נישט געשטאַנען אין סתירה צו מיין פיזיאָלאָגיע, און אויך
נישט אפשר צו דער פיזיאָלאָגיע פון סאַלוסטן—הגם שטענדיק צו
דער חשובער שולפּפאָרטאַ... שפּעטער, אומגעפער אין דער מיט
פון מיין לעבן, האָב איך מיך אַנטשידן וואָס אַמאָל שטרענגער
קעגן יעדוועדן „גייסטיקן“ געטראַנק; איך, אַ קעגנער פון וועגע־
טאַריערטום אויס דערפאַרונג, פּונקט ווי ריכאַרד וואַגנער, וועלכער

האָט מיך איבערקערט, ווייס נישט געננוג ערנסט צו ראָטן אַלע
גייסטיקערע נאַטורן זיך אומבאַדינגט אָפּצוהאַלטן פון אַל־
קאָהאָלן. וואַסער איז גענוג... איך ווייל ליבערשט אויס ערזער,
ווו מ׳האָט אומעטום די מעגלעכקייט צו שעפּן פון פליסנדיקע
קוואַלן (ניצצא, טורין, סילס); א קליין גלאָז לויפט מיר נאָך ווי א
הונט. IN VINO VERITAS: עס דוכט, אַז אויך דאָ בין איך
ווידער נישט מסכים מיט דער גאַנצער וועלט בנוגע דעם באַ־
גריף „אמת“: — ביי מיר שוועבט דער גייסט איבערן וואַסער.
נאָך א פּאָר אָנווייזונגען פון מיין מאָראַל. אַ שטאַרק מאָלצייט איז
לייכטער צו פאַרדייען, ווי א צו קליינס. דער מאָגן דאַרף זיין טע־
טיק אַלס גאַנצעס, — ערשטער תנאי פאַר גוטער פאַרדייונג.
מ׳מוז קענען די גרויס פון אייגענעם מאָגן, צוליבן זעלבן
טעם דאַרף מען אָפּראָטן פון צעצויגענע מאָלצייטן, וועלכע איך
רוף אָן אָפּערפייערונגען מיט הפסקות, די מאָלצייטן ביי TABLE
D’HOTE. — קיין צווישן־מאָלצייטן, קיין קאַווע: קאַווע מאַכט טריב.
טיי נאָר אינדערפרי ניצלעך. ווייניק, אָבער קרעפטיק: טיי איז
זייער שעדלעך און מאַכט אויפן גאַנצן טאָג קראַנק, אויב נאָר איין
גראַד שוואַכער. יעדער האָט אין דעם זיין מאָס, אָפט צווישן די
ענגסטע און פיינסטע גרענעצן. אין א זייער שאַרפן קלימאַט איז
טיי נישט צו ראָטן אַלס אָנפאַנג: א שעה פריער זאָל מען מאַכן
דעם אָנפאַנג מיט אַ שאָל גערדיכטן פון פעטקייט אָפּגערייניקטן
קאַקאַאָ. וואָס ווייניקער זיצן; נישט האָבן צוטרוי צו א געדאַנק,
וואָס איז נישט געבוירן געוואָרן אויף דער פרייער לופט און ביי
פרייער באַוועגונג, — וואָס אין אים פייערן נישט אויך די מוס־
קולן א יום־טוב. אַלע פאָראורטיילן שטאַמען פון די אינגעווייד.
דאָס זיצפלייש — איך האָב עס שוין אַמאָל געזאָגט — איז די

אמרתע זינד קעגן דעם הייליקן גייסט. —

## 2.

מיט דער פראַגע פון דערנערונג איז נאָענט פאַרוואַנדט די פראַגע וועגן אָרט און קלימאַט. ס'איז קיינער נישט מסוגל אומעטום צו לעבן; און ווער ס'האָט גרויסע אויפגאַבן צו לעזן, וואָס פאָדערן ארויס זיין גאַנצע קראַפט, האָט דאָ גאָר אפילו א זייער ענגן אויסוואַל. דער קלימאַטישער איינפלוס אויפן שטאָפ-וועקסל, זיין פאַרהאַלטונג, זיין פאַרשנעלערונג, גייט אַזוי ווייט, אַז א טעות בנוגע אָרט און קלימאַט קאָן איינעם נישט בלויז אָפּפרעמדן פון זיין אויפגאַבע, נאָר דידאָזיקע אויפגאַבע אים בכלל אויסבאַהאַלטן: ער וועט זי קיינמאָל נישט אין די אויגן אָנ-זען... דער אַנימאַלישער כח וועט ביי אים קיינמאָל נישט ווערן גענוג גרויס, אַז ס'זאָל דערגרייכט ווערן יענע פרייהייט, וועלכע שטראָמט איבער אין דאָס גייסטיקסטע, ווו איינער דערגייט צו דער-קענונג: דאָס קאָן נאָר איך... אפילו א גאָר קליינע פוילקייט פון די אינגעווייידן, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שלעכטע געוווינ-הייט, איז פולשטענדיק גענוג, כדי צו מאַכן פון אַ זשעני עפּעס מיטלמעסיקעס, עפּעס „דייטשעס"; דער דייטשער קלימאַט אַליין איז גענוג, כדי צו אַנטמוטיקן שטאַרקע און אפילו צו העראָיזם פעיקע אינגעווייידן. דאָס טעמפּאָ פונם שטאָפוועקסל שטייט אין א גראָדן פאַרהעלטעניש צו דער באַוועגלעכקייט אָדער לאָמונג פון די פיס פונם גייסט. דער „גייסט" אַליין איז דאָך נאָר א געוויסע קאַטעגאָריע פון אט דעם שטאָפוועקסל. זאָל מען זיך די ערטער צוזאַמענשטעלן, ווו עס זענען פאַראַן און עס זענען געווען

גייסטרייכע מענטשן, ווו וויץ, ראַפינימענט, ביי זיך האַפטיקייט האָבן געהערט צום גליק, ווו דער זשעני האָט זיך כמעט נויטווענדיק געפילט אינדערהיים: אַלע האָבן זיי אַן אויסגעצייכנט טרוקענע לופט. פּאַריז, די פּראָוואַנס, פלאָרענץ, ירושלים, אַטען — דידאָזיקע נעמען באַווייזן עפּעס: דער זשעני איז באַדינגט דורך טרוקענע לופט, דורך ריינעם הימל, — ד. ה. דורך שנעלן שטאָפוועקסל, דורך די מעגלעכקייט זיך כסדר אויפסנייַ צו פאַר־שאַפן גרויסע, אַפילו אומגעהויערע מענגעס פון קראַפט. איך האָב אַ ביישפּיל פאַר די אויגן, ווי אַ באַדייטנדער און פריי־הייט־פעיקער גייסט איז צוליב מאַנגל אין אינסטינקט־פיינקייט בנוגע קלימאַט געוואָרן ענג, ווינקלדיק, ספּעציאַליסט און פאַרזויערט. און איך אַליין האָב געקאָנט ווערן אַט אַזעלכער, ווי באַלד די קראַנק־הייט וואָלט מיך נישט געצווּנגען צו פאַרנונפט, צום נאָכ־דענקען איבער פאַרנונפטיקייט אין דער רעאַליטעט. איצטער, ווען פון לאַנגער איבונג לייען איך אָפּ פון מיר ווי פון זייער אַ פיינעם און זיכערן אינסטרומענט די ווירקונגען פון קלימאַטישן אָדער מעטעאָראָלאָגישן כאַראַקטער, און ביי אַ קורצער רייזע שוין, פון טורין למשל קיין מילאַן, באַרעכן איך ביי מיר פיזיאָלאָגיש די ענדערונג אין די גראַדן פון דער לופטפייכטקייט, טראַכט איך מיט שרעק וועגן דער אומהיימלעכער טאַטזאַך, אַז מיין לעבן האָט זיך אָפּגעשפּילט ביז אויף די לעצטע 10 יאָר, די לעבנסגע־פערלעכע יאָרן, כסדר נאָר אין פאַלשע און גראָד פאַר מיר פאַרבאָטענע ערטער. נאַאומבורג, שולפּפאָרטאַ, טיורינגען בכלל, לייפּציק, באַזעל, ווענעדיק — אויך גראָד פילע אומגליקס־ערטער פאַר מיין פיזיאָלאָגיע. אויב איך האָב איבערהויפּט נישט קיין אַנגענעמע דערינערונג פון מיין גאַנצער קינדהייט און יוגנט,

װאָלט עס געװען אַ שטורת דאָ צו לאָזן געלטן די אַזוי־גערופענע „מאָראַלישע סבורת״, — אַ שטייגער דעם אומצװייפלדהאַפטן דוחק אין צופרידנשטעלנדיקער געזעלשאַפט: מחמרת דער־דאָזיקער דוחק עקזיסטירט נאָך דהיינט, װי ער האָט תמיד עקזיס־טירט, נישט זייענדיק פאַר מיר אַ מניעדה צו זיין מונטער און דרייסט. נאָר די אומװיסנדהייט אין פיזיאָלאָגישע אנגעלעגנהייטן — דער פאַרשאָלטענער „אידעאַליזם״ — איז די אייגנטלעכע שיק־זאַלסנויט אין מיין לעבן, דאָס איבעריקע און נאַרישע דערין, עפּעס אַזוינס, װאָס קיין גוטס איז דערפון נישט אַרויסגעװאַקסן, װאָס דערפאַר איז נישטא קיין אויסגלייך, קיין קעגנגעװיכט. מיט די פאָלגן פונם דאָזיקן „אידעאַליזם״ דערקלער איך מיר אַלע טעותים, אַלע גרויסע אינסטינקט־פאַרבלאָנדזשענישן און „באַ־שיידנקייטן״, װאָס ליגן נישט אויף דער ליניע פון מיין לעבנס־אויפגאַבע, דאָס אַ שטייגער, װאָס איך בין געװאָרן פילאָלאָג— פאַרװאָס לפּחות נישט אַרצט אדער גאָר עפּעס אַזוינס, װאָס עפנט די אויגן? אין מיין באַזעלער צייט איז מיין גאַנצע גייסטיקע דיעט, די טאָג־איינטיילונג נישט אויסגעשלאָסן, געװען אַ פולקום אומ־זיניקע פאַרשװענדונג פון אויסערגעװיינלעכע קרעפטן, אָן װעלכן ס׳איז צופלוס, װאָס זאָל דעקן די פאַרנוצטע כחות, אָן נאָכטראַכ־טונג מכּח פאַרנוצונג און צוריקפאַרשאַפונג. עס האָט געפעלט יעדע פיינערע אייגנליבע, יעדע השגחה פון אַ געביטערישן אינסטינקט, עס איז געװען אַ שטעלן־זיך־גלייך מיט װעמען־איז, אַן אומעגאָיסטיש־קייט, אַ מין פאַרגעסן די אייגענע דיסטאַנץ,—אַ זאַך, װאָס איך קאָן מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין. װען עס האָט שוין כמעט געהאַלטן ביי מיין סוף, דערפאַר, װאָס עס האָט שוין כמעט געהאַלטן ביי מיין סוף, האָב איך אָנגעהויבן נאָכצודענקען איבערן דאָזיקן

גרונט-שטורת פון מיין לעבן — דעם „אידעאליזם". די קראנקהייט האָט מיר געבראַכט צום שכל.

3.

די וואַל פון דער דערנערונג; די וואַל פון קלימאַט און אָרט; — דאָס דריטע, ווו מ'טאָר אין קיין פאַל נישט מאַכן קיין טעות, איז די וואַל פון זיין אייגענעם אופן אָפּרו. אויך דאָ זענען לויטן גראַד, ווי אַ גייסט איז SUI GENERIS, די גרענעצן פון דאָס, וואָס איז אים דערלויבט, ד. ה. ניצלעך, אַלץ ענגער און ענגער. אין מיין פאַל געהערט יעדווועדעס לייענען צו מיינע אָפּרוען: במילא צו דעם, וואָס באַפרייט מיך פון מיר, וואָס לאָזט מיך שפּאַצירן גיין אין פרעמדע וויסנשאַפטן און נשמות, — וואָס איך נעם נישט מער ערנסט. לייענען איז טאַקי מיין אָפּרו פון מיין ערנסט. אין טיף אַרבעטזאַמע צייטן זעט מען נישט ביי מיר קיין שום ביכער: איך וואָלט מיך היטן עמעצן אין מיין נאָענט צו לאָזן רעדן אדער גאר דענקען. און דאס וואָלט דאָך טאַקי געהייסן לייענען... צי האָט מען אייגנטלעך באַמערקט, אז אין יענער טיפער שפּאַנונג, צו וועלכער די שוואַנגערשאַפט פאַרמשפּט דעם גייסט און אין גרונט דעם גאַנצן אָרגאַניזם, ווירקט צו געוואַלטיק, „טרעפט" צו טיף דער צופאַל, יעדע אַרט רייץ, וואָס קומט פון דרויסן? מ'מוז ווי וייט מעגלעך אויסמיידן דעם צופאַל, דעם רייץ, וואס קומט פון דרויסן. אַ געוויסע אַרט זעלבסט-פאַרמויערונג געהערט צו די אויבערשטע אינסטינקט-קלוגהייטן פון דער גייסטיקער שוואַנגערשאַפט. וועל איך דערלויבן, אז אַ פרעמדער געדאַנק זאל געהיים אַריבערקריכן איבער

די מויער? — און דאס וואָלט דאָך געהייסן לייענען... נאָך די
צייטן פון אַרבעט און פרוכטבאַרקייט קומט די צייט פון אָפּרו:
קומט אַהער, איר אָנגענעמע, איר גייסטרייכע, איר געשייטע בי־
כער! — וועלן דאָס זיין דייטשע ביכער?... איך מוז צוריקרעכע־
נען אַ האַלב יאָר, אַז איך זאָל מיך כאַפּן מיט אַ בוך אין דער
האַנט. וואָס איז עס דען געווען? — אַן אויסגעצייכנטע שטודיע
פון וויקטאָר בראָשאַר, LES SCEPTIQUES GRECS, ווו ס'זענען
אויך גוט באַנוצט געוואָרן מיינע LAERTIANA. די סקעפּטיקער,
דער איינציקער ע ר נ ו ו ע ר ט ע ר טיפּ צווישן דער אַזוי צווײ־
ביז פינף־דייטיקער אומה פון די פילאָזאָפן!... אַנישט נעבם איך
מיך אַלעמאָל צו די זעלבע ביכער, אַ קליינע צאָל אין גרונט, פאַר
מיר גראָד ב אַ ו י ז ע נ ע ביכער. עס ליגט אפשר נישט אין מיין
טבע פיל אין פילערליי צו לייענען: אַ לייענצימער מאַכט מיך
קראַנק. עס ליגט אויך נישט אין מיין טבע פיל אָדער פילערליי
זאַכן צו ליבן: פאָרזיכט, אפילו פיינטלעכקייט קעגן נייע ביכער גע־
הערט גיכער שוין צו מיין אינסטינקט, ווי „טאָלעראַנץ", „LARGEUR
DU COEUR" און אַנדערע „נאָענטסטן־ליבע"... אין גרונט איז עס
אַ קליינע צאָל עלטערע פראַנצויזן, צו וועלכע איך קער כסדר
אום: איך גלויב נאָר אין פראַנצויזישע בילדונג און האַלט אַלץ,
וואס ווערט אויכערדעם אין אייראָפּע אָנגערופן „בילדונג", פאַר אַ
מיספערשטענדעניש, אַ פשיטא שוין די דייטשע בילדונג. די קנאַפּע
צאָל ביישפּילן פון הויכער בילדונג, וואָס איך האָב באַגעגנט אין
דייטשלאַנד, זענען אַלע געווען פון פראַנצויזישן מקור, פאַר אַלעם
מאַדאַם קאָזימאַ וואַגנער, די באַדייטנדסטע שטים אין פראַגן פון
געשמאַק. וואס איך לייען נישט

פּאַסקאַל, נאָר ל י ב אים, ווי דעם באַלערנדיקסטן קרבן פֿון קריסטנטום, לאַנגזאַם אָפּגעטויט, צוערשט קערפּערלעך, דאַן גייס-טיק, די גאַנצע לאָגיק פֿון אָט דער גרויליקסטער פֿאָרם פֿון אומ-מענטשלעכער אכזריות; וואָס איך באַזיץ עפּעס פֿון מאָנטענס מוט-ווילן אין גייסט, ווער ווייסט? אפשר אויך אין לייב; וואָס מיין קינסטלער-געשמאַק נעמט אין שוץ נישט אָן צאָרן די נעמען מאָ-ליער, קאָרנעל און ראַסין קעגן אַזאַ ווילדן זשעני, ווי שעקספּיר: דאָס שליסט לסוף נישט אויס, אַז די גאָר יונגסטע פֿראַנצויזן זאָלן מיר אויך זיין אַ צויבערהאַפטע געזעלשאַפט. איך זע לגמרי נישט, אין וועלכן יאָרהונדערט פֿון דער געשיכטע מ'זאָל קאָנען צוזאַמענשטעלן אַזעלכע אינטערעסאַנטע און איינצייטיק אַזעלכע פֿיינע פּסיכאָלאָגן, ווי אין היינטיקן פּאַריז; איך פּרוּוו אָנכאַפּן — ווייל זייער צאָל איז גאָרנישט קליין — די הערן פּאָל בורזשע, פּיער לאָטי, זשיפּ, מעלהאַק, אַנאַטאָל פֿראַנס, זשול לעמעטר, אָדער, כּדי צו דערמאָנען איינעם פֿון דער שטאַרקער ראַסע, אַן עכטן לאַ-טיינער, וואָס כ'בין אים באַזונדערס געניגט, גיי דע מאָפּאַסאַן. מיר איז, צווישן אונדז גערעדט, דאָס ד אַ ז י ק ע דור ליבער אַפֿילו פֿון זיינע גרויסע לערער, וואָס אַלע צוזאַמען האָט פֿאַרדאָרבן די דייטשע פֿילאָזאָפֿיע (דעם הער טען למשל העגעל, וואָס אים האָט ער צו פֿאַרדאַנקען דאָס שלעכטע אויפֿפֿאַסן פֿון גרויסע מענטשן און צייטן). וווּהין דייטשלאַנד גרייכט נאָר, פֿ אַ ר-ד אַ ר ב ט עס די קולטור... די קריג ערשט האָט „באַפֿרייט" דעם גייסט אין פֿראַנקרייך... סטענדאַל, איינער פֿון די שענסטע צופֿאַלן אין מיין לעבן — מחמת אַלץ, וואָס עס האָט געמאַכט אין אים עפּאָכע, האָט דער צופֿאַל אונטערגערוקט, קיינמאָל נישט אַ רע-קאָמענדירונג — איז לגמרי נישט אָפּצושאַצן מיט זיין ווייטזעעו-

דיקן פסיכאָלאָגן־אויג, מיט זיין אויפנעמען די רעאַליטעט, וואָס
דערמאנט אָן דער נאָענטקייט פון דעם גרעסטן רעאַליסט (EX
UNGUE NAPOLEONEM –); לסוף נישט צום ווינציקסטן ווי אַן
ע ר ל ע כ ע ר אַטעיסט, אַ מין, וואָס איז זעלטן און שווער צו גע־
פינען אין פראַנקרייך — פראָספער מערימע צו ערן... קוק איך
אפשר אַליין מיט קנאה אויף סטענדאַל? ער האָט מיר דעם
בעסטן אַטעיסטן־וויץ אויסגעכאַפּט, וואָס איך וואָלט גראָד געקאָנט
מאַכן: „די איינציקע פאַרענטפערונג פון גאָט איז דאָס, וואָס ער
עקזיסטירט נישט"... איך אַליין האָב ערגעץ־ווו געזאָגט: וואָס איז
געווען ביזאַהער דער גרעסטער ווידערשפּרוך צום דאָזיין? ג אָ ט...

4.

דעם העכסטן באַגריף פון ליריקער האָט מיר געגעבן
ה יי נ ר י ך ה יי נ ע. איך זוך אומזיסט אין אַלע קעניגרייכן
פון יאָרטויזנטער נאָך אַזאַ זיסער און ליידנשאַפטלעכער מוזיק. ער
האָט פאַרמאָגט יענע געטלעכע בייזקייט, אָן וועלכער איך קאָן מיר
דאָס פולקומענע נישט דענקן, — איך שאַץ אָפּ דעם ווערט פון
מענטשן, פון ראַסן לויט דעם, ווי זיי קאָנען זיך אומבאַדינגט נישט
פאָרשטעלן גאָט אָפּגעטיילט פונעם סאַטיר. — און ווי ער באַהערשט
די דייטשע שפּראַך! מ'וועט אַמאָל זאָגן, אַז היינע און איך זענען
געווען כּלל די ערשטע קינסטלער פון דער דייטשער שפּראַך —
נישט צום באַרעכענען ווייט פון אַלץ, וואָס ס'האָבן מיט איר גע־
מאַכט סתּם דייטשן. — מיט ב יי ר אָ נ ס מאַנפרעד מוז איך זיין
טיף פאַרוואַנדט: איך האָב געפונען אין מיר אַלע דידאַזיקע
תהומות, — צו דרייצן יאָר בין איך געווען רייף פאַר אָט דעם
ווערק. איך האָב נישט קיין וואָרט, איך האָב נאָר בלויז אַ בליק

פאַר די, וואָס אין קעגנוואַרט פון מאַנפרעד וואַגן זיי אַרויסצורעדן דאָס וואָרט פאַוסט. די דייטשן זענען נישט פעיק צו קיין שום באַגריף פון גרויסקייט: אַ ראיה שומאַן. איך האָב בכיון, פון טיפן פאַרדרוס צום דאָזיקן זיסלעכן זאַקס אַ קאָנטער־אוווערטורע קאָמפּאָנירט צו מאַנפרעד, וואָס האַנס פאָן בולאָוו האָט געזאָגט וועגן איר, אַז אַזעלכעס האָט ער קיינמאָל נישט געזען אויף נאָטן־פאַפּיר: דאָס איז אַ גוואַלט־טאַט קעגן עווטערפּע. — ווען איך זוך מיין העכסטע פאָרמול פאַר ש ע ק ס פּ י ר, געפין איך אַלעמאָל נאָר די, אַז ער האָט געשאַפן דעם טיפּ צעזאַר. אַזעלכעס דער־גייט מען נישט, — מ'איז עס אָדער מ'איז עס נישט. דער גרויסער דיכטער שעפּט נ אָ ר פון זיין ווירקלעכקייט, ביז צו דעם גראַד, אַז דערנאָך האַלט ער מער נישט אויס זיין אייגן ווערק... נאָכ־דעם ווי איך וואַרף אַ בליק אין מיין זאַראַטוסטראַ, גיי איך אום אין מיין חדר אַ האַלבע שעה אויף און אָפּ, נישט קאָנענדיק באַ־הערשן אַן אומדערטרעגלעכן קראַמף פון שלוכצן. — איך קען נישט קיין האַרצרייסנדערע לעקטור ווי שעקספּיר. וואָס מוז האָבן געליטן אַ מענטש, אַז ער זאָל דאַרפן אַזוי זיין אַ לץ! פ אַ ר־ש ט יי ט מען האַמלעט? נישט דער צווייפל, נאָר די ג ע וו י ס־ה יי ט איז דאָס, וואָס מאַכט וואַנזיניק... אָבער דערצו מוז מען זיין טיף, אָפּגרונט, פילאָזאָף, כדי אַזוי צו פילן... מיר ש ר ע ק ן זיך אַלע פאַרן אמת... און לאָמיך דאָס מודה זיין: איך בין דע־רין אינסטינקטיוו זיכער און צווייפל נישט, אַז לאָרד בעקאָן איז דער באַשאַפער און מערטירער פון דעם דאָזיקן אומהיימלעכסטן מין פון ליטעראַטור: וואָס גייט מ י ך אָן דאָס נישטיקע געריד פון אַמעריקאַנישע טעמפּע און פלאַכע קעפּ? אָבער די קראַפט צו דער מעכטיקסטער רעאַליטעט פון דער זעונג פאַרטראָגט זיך נישט נאָר

מיט דער מעכטיקסטער קראַפט צו טאַט, צום אומגעהויערן פון דער טאַט, צום פאַרברעכן — ז י א י ז א פ י ל ו א י ר ס אַ ב אַ־ ד י נ ג. מיר ווייסן צו ווייניק וועגן לאָרד בעקאָן, דעם ערשטן רעאַליסט אין יעדן גרויסן זין פון וואָרט, כדי מיר זאָלן וויסן, וו אָ ס ער האָט אַליין געטון, וו אָ ס ער האָט געוואָלט, וו אָ ס ער האָט איבערגעלעבט... און צו אַלדי רוחות, מיינע הערן קריטי־ קער! וויבאַלד מ'זאָל אָננעמען, אַז כ'וואָלט געטויפט מיין זאַראַ־ טוסטראַ אויף אַ פרעמדן נאָמען, למשל אויף דעם נאָמען פון ריכאַרד וואַגנער, דער שאַרפזין פון צוויי יאָרטויזנט וואָלט נישט גענוגט, כדי צו דערגיין, אַז דער מחבר פון „מענטשלעכעס, גאָר־ צו־מענטשלעכעס״ איז דער וויזיאָנער פון זאַראַטוסטראַ...

5.

איצט, ווען איך רעד וועגן אָפרו אין מיין לעבן, נויטיק איך מיך אין אַ וואָרט אויף אויסצודריקן מיין דאַנקבאַרקייט פאַר דאס, אין וואָס איך האָב פולשטענדיק געפונען מיין טיפסטן און הערצ־ לעכסטן אָפרו אין לעבן. דאָס איז אָן שום ספק געווען דער אינטימערער פאַרקער מיט ריכאַרד וואַגנער. איך האַלט די רעשט באַציונגען מיינע מיט מענטשן פאַר ביליק; איך וואָלט פאַר קיין שום פרייז נישט אַוועקגעגעבן פון מיין לעבן די טעג פון טריבשן, טעג פון פאַרטרויען, פון פריידיקייט, פון הויכע צופאַלן — פון טיפע רגעס... איך ווייס נישט, וואָס אַנדערע האָבן איבערגע־ לעבט מיט וואַגנערן: איבער אונזער הימל האָט זיך קיינמאָל נישט קיין וואָלקן אַריבערגעטראָגן. — און דערמיט קום איך ווי־ דער אויף פראַנקרייך צוריק, — איך האָב נישט קיין טעמים, איך פאַרמאָג בלויז אַ פאַראַכטונגס־אויסדרוק אינם מויל־ווינקל

קעגן וואַגנעריאַנער ET HOC GENUS OMNE, וועלכע גלויבן דער־
מיט וואַגנערן צו ערן, וואָס זיי געפינען אים צו זיך ענלעך.
אַזעלכער ווי איך בין, אין מיינע טיפסטע אינסטינקטן פרעמד צו אַלץ,
וואס איז דייטש, אַזוי אַז בלויז די נאָענטקייט פון אַ דייטש שטעלט
אָפּ ביי מיר דעם פאַרדייוּנגס־פּראָצעס, האָב איך ביי מיין ער־
שטער באַקאַנטשאַפט מיט וואַגנער אויך דאָס ערשטע מאָל אין מיין
לעבן אויפגעאָטעמט: איך האָב געשפּירט, אַז איך פאַרער אים
אַלס א ו י ס ל אַ נ ד, אַלס קעגנזאַץ, אַלס אַ לעבעדיקן פּראָטעסט
קעגן אַלע „דייטשע טוגנטן”. — מיר, וועלכע זענען געווען קינדער
אין דער זומפּיקער לופט פון די פופציקער יאָרן, מיר זענען מיט
נויטווענדיקייט פּעסימיסטן בנוגע דעם באַגריף „דייטש”; מיר קאָ־
נען גאָר נישט זיין עפּעס אַנדערש ווי רעוואָלוציאָנערן, — מיר
וועלן נישט אַנערקענען קיין זאַכלאַגע, וווּ עס הערשט ד ע ר
צ ב ו ע. עס איז מיר לחלוטין קיין חילוק נישט, צי ער שימערט
היינט אין אַנדערע פאַרבן, צי ער קליידט זיך אין שקאַרלאַט און
טראָגט אַנדערע הוזאַר־אוניפאָרמען... נו, ווויל! וואַגנער איז גע־
ווען אַ רעוואָלוציאָנער — ער איז אַנטלאָפן פאַר די דייטשן...
אַלס קינסטלער האָט מען נישט אין אייראָפּע קיין היים אַ חוץ
פּאַריז; די DELICATESSE אין אַלע פינף חושים פון דער קונסט,
וואס זענען אַ באַדינג פאַר אַ קונסט ווי וואַגנערס, די פינגער פאַר
ניואַנסן, די פּסיכאָלאָגישע קראַנקהאַפטיקייט, געפינט זיך נאָר אין פּאַ־
ריז. ווייטער אין ערגעץ נישט האָט מען דידאַזיקע ליידנשאַפט אין
פראַגן פון פאָרם, דעמדאַזיקן ערנסט אין MISE EN SCENE —
עס איז דער פּאַריזער ערנסט PAR EXCELLENCE. מ'האָט אין
דייטשלאַנד גאָר קיין השגה נישט וועגן דער אומגעהויערער
אַמביציע, וואס לעבט אין דער נשמה פון אַ פּאַריזער קינסטלער.

דער דײַטש איז גוטמיטיק — וואַגנער איז לחלוטין נישט גע־
ווען גוטמיטיק... אָ־ער איך האָב זיך שוין גענוג אַרויסגע־
זאָגט (אין „איך יענע־ זײַט פֿון גוט און בייז" ז. 256 א. וו.),
וואוהין וואַגנער געהערט, אין וועמען ער האָט זײַנע נאָענטס־
פֿאַרוואַנדטע: דאָס איז די פֿראַנצויזישע שפּעט־ראָמאַנטיק, יענער
הויכפֿליענדיקער און דערהויכנדיקער מין קינסטלער, ווי
דעלאַקרואַ, ווי בערליאָז, מיט אַ באָדן פֿון קראַנקהייט, פֿון אומ־
היילבאַרקייט אין וועזן, לויטער פֿאַנאַטיקער פֿון אויסדרוק,
ווירטואָזן דורך און דורך... ווער איז געווען דער ערשטער אינ־
טעליגענטער אָנהענגער פֿון וואַגנער בכלל? שאַרל באָד־
לער, דער זעלבער, וואָס האָט צום ערשטן דעלאַקרואַ פֿאַרשטאַנען,
יענער טיפּישער דעקאַדענט, אין וועמען עס האָט זיך אַ גאַנץ דור
פֿון קינסטלער צוריק דערקענט — ער איז אפשר אויך געווען דער
לעצטער... וואָס איך האָב קיינמאָל נישט מוחל געווען וואַגנערן?
וואָס ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו די דײַטשן, — וואָס
ער איז געוואָרן אַ רײַכס־דײַטש... וואוהין דײַטשלאַנד גרייכט,
פֿאַרדאַרבט עס די קולטור. —

6.

אַלץ אין באַטראַכט גענומען, וואָלט איך מײַן יוגנט נישט
אויסגעהאַלטן אָן וואַגנערישער מוזיק. מחמת איך בין גע־
ווען פֿאַרמשפּט צו דײַטשן. אַז מ'וויל פּטור ווערן פֿון אַן אומ־
דערטרעגלעכן דרוק, האָט מען נויטיק האַשיש. נו גוט, איך
האָב מיך געניטיקט אין וואַגנערן. וואַגנער איז דער קעגנגיפֿט
קעגן אַלץ וואָס דײַטש, — גיפֿט, איך שפּאַר PAR EXCELLENCE
דאָס נישט אָפּ. פֿון יענעם אויגנבליק אָן, זינט עס איז פֿאַראַן אַ
קלאַוויר־אויסצוג פֿון טריסטאַן — איך באַגריס אײַך, הער פֿאָן

בּילאָוו! — בין איך געווען וואַגנעריאַנער. אויף די עלטערע שאַפונגען פון וואַגנערן האָב איך געקוקט ווי אויף עפּעס נידעריקערס פון מיר — נאָך צו פּראָסט, צו „דײַטש“... אָבער איך זוך היינט נאָך אַ ווערק פון אַזאַ געפערלעכן צויבער, פון אַזאַ גרויליקער און זיסער אומענדלעכקייט, ווי דער טריסטאַן איז, — איך זוך אין אַלע געביטן פון קונסט אומזיסט. אַלע ווונדערלעכקייטן פון ליאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי פאַרלירן זייער צויבער בײַם ערשטן קלאַנג פונעם טריסטאַן. דאָס דאָזיקע ווערק איז דורכויס דאָס NON PLUS ULTRA פון וואַגנערן; ער האָט זיך דערפון אָפּגערוט מיט די מײַסטערזינגער און דעם רינג. געזונטער ווערן — דאָס איז אַ ש ר י ט צ ו ר י ק בײַ אַזאַ נאַטור ווי וואַגנער... איך באַטראַכט עס פאַר דעם גרעסטן גליק, וואָס איך האָב געלעבט אין דער ריכטיקער צײַט און גראָד צווישן דײַטשן געלעבט, כּדי צו זײַן ר ײַ ף פאַר דעם דאָזיקן ווערק: אַזוי ווײַט גרייכט בײַ מיר דער נײַגער אַלס פּסיכאָלאָג. די וועלט איז אָרים פאַר דעם, וועלכער איז קיינמאָל נישט גענוג קראַנק געווען פאַר אָט די „גיהנומשע גליסטיקונג“: עס איז דערלויבט, עס איז כּמעט אַ געבאָט דאָ אַ מיסטיקער-פאָרמולע אָנצווענדן. — איך מיין, איך קען בעסער ווי ווער עס איז דאָס אומגעהיערע, צו וועלכן וואַגנער איז געווען מסוגל, די פופציק וועלטן פון ווונדערלעכע אַנטציקונגען, צו וועלכע ס׳האָט קיינער אויסער אים קיין פליגל נישט געהאַט; און אַזעלכער ווי איך בין, גענוג שטאַרק, כּדי אַפילו דאָס אויסטערלישסטע און געפערלעכסטע נאָך אומצווענדן פאַר מיר לטובה און דערמיט שטאַרקער ווערן, רוף איך אָן וואַגנערן דעם גרויסן וווילטוער פון מײַן לעבן. דאָס, אין וואָס מיר זענען פאַרוואַנדט, וואָס מיר האָבן טיף געליטן, אויך איינער צוליב דעם אַנדערן, טיפער, ווי מענטשן פון

אונזער דאָזיקן יאָרהונדערט וואָלטן געווען פעיק צו ליידן, ווען
אונזערע נעמען אייביק ווידער צוזאַמען פאַרבינדן; און פונקט
אַזוי ווי וואַגנער איז נאָר אַ מיספאַרשטענדניש צווישן די דייטשן,
פונקט אַזוי בין איך עס און וועל עס תמיד זיין... צוויי יאָרהונדערט
פסיכאָלאָגישע און קינסטלערישע דיסציפּלין אקודם, מיינע
הערן גערמאַנער!... אָבער דאָס לאָזט זיך נישט דעריאָגן. —

## 7.

איך זאָג נאָך אַ וואָרט פאַר די אויסדערוויילטסטע אויערן:
וואָס איך וויל אייגנטלעך פון דער מוזיק. זי זאָל זיין לויטער און
טיף, ווי אַ נאָכמיטאָג אין אָקטאָבער. זי זאָל זיין וואונדערלעך, שטי-
פעריש, צערטלעך, אַ קליינע זיסע פרוי, נידערטרעכטיק און פול
מיט חן... איך וועל קיינמאָל נישט מסכים זיין, אַז אַ דייטש זאָל
קאָנען וויסן, וואָס מוזיק איז. די, וואָס מ'רופט אָן דייטשע מוזי-
קער, די גרעסטע אקודם, דאָס זענען אויסלענדער, סלאַוו-
יאַנער, קראָאַטן, איטאַליענער, האָלענדער, — אָדער יידן; אַנישט
דייטשן פון שטאַרקער ראַסע, אויסגעשטאָרבענע דייטשן,
ווי היינריך שוץ, באַך און הענדעל. איך אַליין בין תמיד נאָך גענוג
פּאָליאַק, אַז איך זאָל נישט פאַר שאָפּען אַוועקגעבן די רעשט מו-
זיק: איך מאַך אָן אויסנאַם, צוליב דריי טעמים, פאַר וואַגנערס
זיגפריד-אידיליע, מעגלעך אויך פאַר מאַנכע זאַכן פון ליסטן, וועל-
כער שטייגט אַריבער אַלע מוזיקער מיט די פאָרנעמע אָרקעסטער-
אַקצענטן; לסוף נאָך פאַר אַלץ, וואָס איז געוואַקסן אויף יענער זייט
אַלפּן — אויף דער זייט... איך וואָלט מיך נישט געקאָנט באַ-
גיין אָן ראָסיני, נאָך ווייניקער אָן מיין דרום אין דער מוזיק, אָן דער
מוזיק פון מיין ווענעדיקער מאַעסטראָ פּיעטראָ גאַסטי. ווען איך

זאָג איך יעגער זייט אַלפּן, מיין איך אייגנטלעך נאָר ווענעדיק.
חוץ איך זוך אַן אַנדער וואָרט פאַר מוזיק, געפין איך תמיד נאָר
דאָס וואָרט ווענעדיק. איך קאָן נישט מאַכן קיין חילוק צווישן
טרערן און מוזיק, — איך קאָן דאָס גליק, דעם ד ר ו ם נישט
אַנדערש, ווי נאָר מיט אַן אימה-ציטער מיר פאָרשטעלן.

אויף דער בריק געשטאַנען
בין איך אַנומלט אין טונקעלער נאַכט.
פון ווייט איז געקומען געזאַנג;
מיט גאָלדענע טראָפּנס געפלאָסן אַוועק
איבער דער ציטערנדער פלאַך.
גאָנדאָלן, פאַקלען, מוזיק —
זיך שכּור צעשווומען אין נאַכטישער ווייטקייט...

מיין נשמה, ווי סטרונעס צעשפּילטע,
האָט זיך צוגעזונגען, געהיימנישפול באַרירט,
אַ גאָנדל-ליד פאַרבאָרגן,
ציטערנדיק פון פאַרביק גליק...
— האָט עמעץ געהערט איר געזאַנג?

8.

אין דעם אַלעם — אין דער וואַל פון נאַרונג, פון אָרט
און קלימאַט, פון אָפּרו-הערשט אַן אינסטינקט פון זעלבסטדער-
האַלטונג, וועלכער קומט צום אויסדרוק אויפן אומצווייפל-
האַפטסטן אופן אַלס אינסטינקט פון דער ז ע ל ב ס ט פ אַ ר ט יי-
ד י ק ו נ ג. אַ סך זאַכן נישט זען, נישט הערן, נישט צולאָזן צו

זיך — דאָס איז די ערשטע קלוגשאַפט, דער ערשטער באַווייז,
אַז מ'איז נישט קיין צופאַל, נייערט אַ נויטווענדיקייט. דאָס גאַנג־
באַרע וואָרט פאַר דעמדאָזיקן אינסטינקט פון זעלבסטפאַרטיידיקונג
הייסט ג ע ש מ אַ ק. זיין אימפעראַטיוו הייסט נישט נאָר זאָגן
ניין, ווו דער יאָ וואָלט זיין אַן „אומעגאָיסטישקייט", נאָר אויך
אַ ז ו י  ז ע ל ט ן, ו ו י  נ אָ ר  מ ע ג ל ע ך, זאָגן נ יי ן. זיך אָפּטיילן,
זיך אָפּשיידן פון דעם, ווו דער ניין וואָלט אַלץ מער און מער גע־
וואָרן נויטיק. דאָס שכלדיקע דערין איז דאָס, וואָס די אויסגאַבן
אויף פאַרטיידיקונג, אפילו גאָר קליינע, ווערנדיק אַ כּלל, אַ גע־
וווינהייט, זענען זיי גורם אַן אויסערגעוויינלעכע און לחלוטין
אומנויטיקע פאַראָרימונג. אונזערע ג ר ו י ס ע אויסגאַבן זענען
די אָפטסטע קליינע. דאָס אָפּווערן, דאָס נישט־צולאָזן־צו־זיך איז
אַן אויסגאַבע — לאָמיר נישט האָבן אַ טעות בנוגע דעם, —
אַ קראַפט, צו נעגאַטיווע צוועקן פ אַ ר ש ו ו ע נ ד ט. מ'קאָן, בלויז
ביי אַ כּסדרדיק באַדערפעניש פון אָפּווער, גענוג שוואַך ווערן, אַז
מ'זאָל אויפהערן צו קאָנען זיך ווערן. — למשל, איך גיי אַרויס
פון שטוב און געפין, אָנשטאָט דאָס שטילע און אַריסטאָקראַטישע
טורין, דאָס קליינע דייטשע שטעטל: מיין אינסטינקט וואָלט זיך
געמוזט קעגנשטעלן, כּדי צוריקצודרענגען אַלץ, וואָס רייסט זיך
אַריין פון דערדאָזיקער צוגעדריקטער און פחדנותדיקער וועלט.
אָדער איך וואָלט למשל געפינען די דייטשע גרויסע שטאָט, דידאָ־
דאָזיקע געבויטע זינד, ווו ס'וואַקסט גאָרנישט, ווו יעדע זאַך, גוטס
אָדער שלעכטס, איז אַהין אַריינגעשלעפּט געוואָרן. צי וואָלט
איך נישט געמוזט ווערן דעריבער אַ שטעך־חיהלע? — אָבער
שטעכערס צו האָבן איז אַ פאַרשווענדונג, אַ דאָפּלטער לוקסוס
אפילו, ווען מ'האָט די מעגלעכקייט צו האָבן נישט קיין שטע־

בערס, נאָר אָ פ ע נ ע דזענט...

אָן אַנדערע קלוגשאַפט און זעלבסטפאַרטיידיקונג איז אין דעם,
וואָס מען ר ע אַ ג י ר ט אַ ז ו י ז ע ל ט ן ווי נ אָ ר מ ע ג ל ע ך
און מען מיידט אויס סיטואַציעס און באַציונגען, ווו מ'וואָלט גע-
ווען פאַרמשפט אַזוי ווי אָפּצוזאָגן זיך פון דער אייגענער „פריי-
הייט”, דער אייגענער איניציאַטיוו און ווערן בלויז אַ רעאַקטיוו.
איך נעם אַלס געמעל דאָס פאַרברענגען מיט ביכער. דער גע-
לערנטער, וואָס אין תוך „באַוועגט” ער בלויז נאָך ביכער — דער
פילאָלאָג מיט אַ מעסיקן אימפעט לערך 200 אַ טאָג - פאַרלירט
לסוף אינגאַנצן די פעיקייט זעלבסטשטענדיק צו דענקען. באַוועגט
ער נישט, דענקט ער נישט. ער ע נ ט פ ע ר ט אויף אַ רייצונג (—אַ
געלייענטן געדאַנק), בערך ער דענקט,—ער רעאַגירט לסוף בלויז
נאָך. דער געלערנטער גיט אַוועק זיין גאַנצע קראַפט אויף זאָגן
יאָ און ניין, אויף דער קריטיק פון אַזעלכעס, וואָס איז שוין גע-
דאַכט געוואָרן, — ער אַליין דענקט נישט מער... דער אינסטינקט
פון זעלבסטפאַרטיידיקונג איז ביי אים שוואַך געוואָרן; אַנישט
וואָלט ער זיך געווערט קעגן ביכער. דער געלערנטער — אַ דעקאַ-
דענט. — דאָס האָב איך מיט די אייגענע אויגן געזען: באַגאַבטע,
רייך און פריי קאָנסטרוירטע נאַטורן שוין אין די דרייסיקער יאָרן
„שענדלעך אָנגעלייענט”, בלויז צינדהעלצלעך נאָך, וואָס מ'דאַרף
אַ רייב טון, אַז זיי זאָלן געבן פונקען — „געדאַנקען”. — אין באַ-
גין, ביים אָנהייב טאָג, אין דער גאַנצער פרישקייט, אין דעם
מאָרגנרויט פון דער אייגענער קראַפט אַ בוך לייענען — דאָס
רוף איך אָן אַ פאַרברעך! — —

## 9.

אין דעם אָרט איז נישט מער צו פאַרמיידן דעם ריכטיקן ענטפער אויף דער פראַגע, ווי אַזוי מ'ווערט, וואָס מען איז. און דערמיט באַריר איך דאָס מייסטערשטיק אין דער קונסט פון דער זעלבסטדערהאַלטונג — פון דעם עגאָיזם... אויב מ'זאָל גראָד אָננעמען, אַז די אויפגאַבע, די באַשטימונג, דער גורל פון דער אויפגאַבע שטייגט באַדייטנד אַריבער די דורכשניטלעכע מאָס, וואָלט קיין שום סכנה נישט זיין גרעסער פון דער, ווי זיך אַליין דערבליקן צוגלייך מיט אָט דער אויפגאַבע. כדי צו ווערן, וואָס מען איז, דערצו איז נויטיק, מ'זאָל צום מינדעסטן נישט אָנען, וואָס מען איז. פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט האָבן אפילו די טעותים פון לעבן זייער אייגענעם זין און ווערט, די צייטווייליקע נעבנוועגן און אָפּזייטסוועגן, די פאַרזוימונגען, די „באַשיידנקייטן“, דער ערנסט, וואָס ווערט פאַרשווענדט אויף אויפגאַבן, וועלכע ליגן אויף יענער זייט פון דער אייגנטלעכער אויפגאַבע. אין דעם קומט צום אויסדרוק די גרויסע קלוגשאַפט, אפילו די העכסטע קלוגשאַפט: ווו NOSCE TE IPSUM וואָלט געווען דאָס מיטל צום אונטערגאַנג, דאָרט ווערט זיך־פאַרגעסן, זיך־שלעכט־פאַרשטיין, זיך־פאַרקלענערן, פאַרענגערן, פאַרמיטלמעסיקן די פאַרנומפּט אַליין. מאָראַליש אויסגעדריקט: נאָענטסטן־ליבע, לעבן פאַר אַנדערע און עפּעס אַנדערס קאָן זיין אַ שוצמיטל צום דערהאַלטן די שטרענגסטע אייגנליבע. דאָסדאָזיקע איז דער אויסנאַמפאַל, ווו איך שטיי, קעגן מיין כלל און איבערצייגונג, אויף דער זייט פון די „אומעגאָיסטישע“ טריבן: זיי אַרבעטן דאָ לטובת דער אייגנליבע, דער זעלבסטדיסציפּלינירונג. — מ'מוז די גאַנצע אויבער־

פלאַך פון באַוווסטזיין — באַוווסטזיין איז אַן איבערפלאַך — אָפּהיטן פון וועלכן־איז גרויסן אימפּעראַטיוו. היט אייך אפילו פאַר יעדן גרויסן וואָרט, פאַר יעדער גרויסער פּאָזע! דאָס זענען לויטער געפאַרן, אַז דער אינסטינקט זאָל פריצייטיק „זיך פאַר־שטיין" — —. אין דער צווישנצייט וואַקסט כּסדר די אָרגאַניזירנדי־קע, די צום הערשן באַרופענע „אידעע" אין דער טיף, — זי הייבט אָן צו באַפעלן, זי פירט לאַנגזאַם צוריק פון נעבנוועגן און אָפּזייטסוועגן, זי גרייט צו איינצלנע אייגנשאַפטן און פעי־קייטן, וועלכע וועלן זיך אַמאָל אַרויסווייזן פאַר נויטיק אַלס מיטל צום גאַנצן, — זי בילדעט אויס איינס נאָך דאָס אַנדערע אַלע דינענ־דיקע כּחות, נאָך איידער זי לאָזט עפּעס וואָס הערן פון דער דאָמינירנדיקער אויפגאַבע, פון „ציל", „תּכלית", „זין". — פון דער־דאָזיקער זייט באַטראַכט, איז מיין לעבן פּשוט ווונדערפול. צו דער אויפגאַבע פון איבערשאַצן די ווערטן זענען געווען אפשר מער כּחות נויטיק, ווי עס האָבן זיך ווען אַמאָל פאַרייניקט אין איין פּערזאָן, פאַר אַלעם אפילו קעגנזאַצן פון כּחות, וואָס זיי זאָלן זיך נישט איינע די אַנדערע שטערן, צעשטערן. היעראַר־כיע פון די כּחות; דיסטאַנץ; די קונסט אָפּצוטיילן, נישט שאַפנ־דיק קיין פיינטשאַפט; גאָרנישט פאַרמישן; גאָרנישט „אויסאיי־ניקן"; אַן אומגעהויערע פילהייט, וואָס טראָץ דעם איז זי דער קעגנזאַץ פון כאַאָס — אָט דאָס איז געווען דער פאָרבאַדינג, די לאַנגע געהיימע אַרבעט און קינסטלערשאַפט פון מיין אינסטינקט. זיין העכערע השגחה האָט זיך אַרויסגעוויזן אויף אַזוי פיל שטאַרק, אַז איך האָב אין קיין פאַל אפילו נישט געאַנט, וואָס עס וואַקסט אין מיר, — אַז אַלע מיינע פעיקייטן זענען אין איין טאָג מיטאַמאָל אַרויסגעשפּרונגען, רייף, אין זייער לעצ־

טער שלימות. איך קאָן מיך נישט דערמאָנען, אַז איך זאָל מיך האָבן ווען באַמיט, — מ'וועט נישט געפינען קיין שום שפור פון קאַמף אין מיין לעבן, איך בין דער קעגנזאַץ פון אַ העראָישער נאַטור. עפּעס „ווען", צו עפּעס „שטרעבן", אַ „צוועק", אַ „ווונטש" — האָבן אין דער פּערספּעקטיוו — דאָס אַלץ קען איך נישט פון דערפאַ־רונג. אפילו אין איצטיקן אויגנבליק קוק איך אויף מיין צוקונפט — אַ ווייטע צוקונפט! — ווי אויף אַ גלאַטן ים אַרויס: קיין פאַר־לאַנג כוואַליעט זיך נישט אויף אים. איך וויל לחלוטין נישט, אַז עפּעס זאָל ווערן אַנדערש, ווי עס איז; איך גופא וויל נישט ווערן אַנדערש... אָבער אַזוי האָב איך תמיד געלעבט. איך האָב קיין שום ווונטש נישט געהאַט. איינער, וואָס ער קאָן נאָך זיין פיר־און־פערציקסטן יאָר זאָגן, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט וועגן כבוד, וועגן פרויען, וועגן געלט! — נישט, אַז זיי זאָלן מיר האָבן געפעלט... אַזוי למשל בין איך אין אַ געוויסן טאָג געוואָרן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר, — איך האָב קיינמאָל וועגן ענלעכס לגמרי נישט געטראַכט, ווייל איך בין אַלט געווען קוים 24 יאָר. אַזוי בין איך צוויי יאָר פאַר דעם אין אַ געוויסן טאָג געוואָרן פילאָלאָג: אין דעם זין, וואָס מיין ערשטע פילאָלאָ־גישע אַרבעט, מיין התחלה אין יעדן זין, איז פון מיין לערער ריטשל פאַרלאַנגט געוואָרן פאַר זיין „RHEINISCHES MUSEUM", צום דרוקן (ריטשל — איך זאָג עס מיט פאַרערונג — דער איינציקער געניאַלער געלערנטער, וואָס איך האָב ביז היינט באַגעגנט. ער האָט פאַרמאָגט יענע אָנגענעמע פאַרדאָרבנקייט, וועלכע צייכנט אויס אונז טורינגער און וואָס מיט איר ווערט אפילו אַ דייטש סימפּאַטיש: — מיר ליבן בעסער, כדי צום אמת צו קומען, אפילו נאָך די אומוועגן. איך וואָלט נישט וועלן, אַז מיט דידאָזיקע ווערטער

זאָל איך נישט האָבן לחלוטין דערשאַצט מיין נאָענטערן לאַנדסמאַן, דעם קלוגן לעאָפּאָלד פאָן ראַנקע...).

10.

– מ'וועט מיך פרעגן, פאַרוואָס האָב איך אייגנטלעך אָט די אַלע קליינע און לויט דער אָנגענומענער מיינונג גלייכגילטיקע זאַכן דערציילט: איך שאָד מיר אַליין דערמיט, בפרט, ווען איך בין באַרופן גרויסע אויפגאַבן צו פאַרטרעטן. ענטפער: די דאָזיקע קליינע זאַכן — דערנערונג, אָרט, קלימאַט, אָפּרו, די גאַנצע קאַזויסטיק פון דער אייגנליבע–זענען איבער אַלע באַגריפן וויכטיקער פון אַלץ, וואָס מ'האָט ביז אַהער געהאַלטן פאַר וויכטיק. דאָ גראָד מוז מען אָנהייבן איבערלערנען. דאָס, וואָס די מענטשהייט האָט ביז אַהער מיט ערנסט באַטראַכט, זענען צומאָל נישט רעאַליטעטן, נאָר פשוטע איינבילדונגען, שטרענגער גערעדט, שקרים אויס דער טיף פון די שלעכטע אינסטינקטן פון קראַנקע, אין טיפסטן זין שעדלעכע נאַטורן — אָט די אַלע באַגריפן „גאָט", „נשמה", „טוגנט", „יענע וועלט", „אמת", „אייביק לעבן". מ'האָט אָבער די גרויסקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור, איר „געטלעכקייט" אין זיי געזוכט... אַלע פּראָבלעמען פון דער פּאָליטיק, פון דער געזעלשאַפטס־אָרדנונג, פון יעדער דערציונג זענען געפעלשט ביזן גרונט, דערדורך, וואָס מ'האָט געהאַלטן די שעדלעכסטע מענטשן פאַר גרויסע מענטשן, — וואָס מ'האָט געלערנט פאַראַכטן די „קליינע" זאַכן, איך מיין די גרונט־אָנגעלעגנהייטן פון לעבן גופא... פאַרגלייך איך מיך איצט מיט די מענטשן, וועלכע מ'האָט ביז היינט געערט ווי העכסטע מענטשן, איז דער חלוק קלאָר. איך פאַררעכן די דאָזיקע כלומרשט „העכסטע"

מענטשן נישט אפילו צו די מענטשן בכלל, -- זיי זענען פאַר מיר אויס־
וווּרפן פון דער מענטשהייט, פּראָדוקטן פון קראַנקהייט און פון נקמה־
גיריקע אינסטינקטן: זיי זענען לויטער ליידנדע, און תוך אום־
דערהיילבאַרע אוממענטשן, וואָס נעמען נקמה אָן לעבן... איך וויל
זיין דער היפך דערצו: מיין פּריווילעגיע באַשטייט אין דעם, וואָס
איך פאַרמאָג דאָס העכסטע פיינגעפיל פאַר אַלע סמנים פון
געזונטע אינסטינקטן. עס איז נישטאָ אין מיר קיין שום קראַנק־
האַפטער שטריך; איך בין אפילו אין צייטן פון שווערער קראַנק־
הייט נישט געוואָרן קראַנקהאַפטיק; אומזיסט דאס זוכן אין מיין
וועזן אַ שטריך פון פאַנאַטיזם... מ'וועט מיר נישט פון קיין מאָמענט
אויס מיין לעבן קענען אָנווייזן אויף וועלכע־איז חוצפּהדיקע אָדער
פּאַטעטישע האַלטונג. דער פּאַטאָס פון פּאָזע געהערט נ י ש ט
צו גרויסקייט; ווער עס נויטיקט זיך בכלל אין פּאָזעס, איז פ אַ ל ש...
היט אייך פאַר אַלע מאָלערישע מענטשן! — דאָס לעבן איז מיר
לייכט געוואָרן, צום לייכטסטן, ווען עס האָט פון מיר דאס שווער־
סטע פאַרלאַנגט. ווער עס האָט מיך געזען אין די זיבעציק טעג
פונם דאָזיקן האַרבסט, בעת איך האָב געשאַפן אָן אויפהער
לויטער זאַכן פון העכסטער מדרגה, וואָס קיין מענטש וועט
נישט מאַכן נאָך מיר — אָדער פאַר מיר, מיט אַ פאַראַנטוואָרט־
לעכקייט פאַר אַלע יאָרטויזנטער וואס נאָך מיר, דער האָט קיין
שום סימן פון שפּאַנונג אין מיר נישט באַמערקט, גיכער אַן
איבערשטראָמענדיקע פרישקייט און מונטערקייט. איך האָב קיינ־
מאָל נישט געגעסן מיט אנגענעמערע געפילן, איך בין קיינמאָל
נישט בעסער געשלאָפן. — איך קען נישט קיין אַנדערן שטייגער
פון לעבן צוזאַמען מיט גרויסע אויפגאַבן, ווי ש פּ י ל: דאָסדאָזיקע
איז, אַלס סימן פון גרויסקייט, אַ וועזנטלעכער תנאי. די קלענסטע

אָנשטרענגונג, אַ טרויעריקע מינע, עפּעס אַ האַרטער טאָן אין האַלז זענען אַלץ ווידערשפּרעכונגען קעגען אַ מענטש, און פיל מער נאָך קעגן זיין ווערק!... מ'טאָר נישט האָבן קיין נערוון... צוליב דער איינזאַמקייט ליידן איז אויך אַ ווידערשפּרעכונג, — איך האָב אייביק געליטן נאָר צוליב דער „פּילזאַמקייט"... אין אַן אַבסורד יונגער עלטער, צו זיבן יאָר, האָב איך שוין געוווּסט, אַז ס'וועט צו מיר קיינמאָל נישט גרייכן קיין מענטשלעך וואָרט: צי האָט מען מיך ווען געזען צוליב דעם באַטריבט? — איך האָב היינט נאָך די גלייכע לייטזעליקייט פאַר יעדערן, איך בין אפילו פול מיט אויפמערקזאַמקייט פאַר די נידעריקסטע: אין דעם אַלעם איז נישטאָ אַ ברעקל פון גאווה, פון פאַרבאָרגענער פאַראַכטונג. ווען איך פאַראַכט, דער דערשפּירט, אַז ער ווערט פון מיר פאַראַכט: איך רייץ אויף דורך מיין בלויזער עקזיסטענץ אַלץ, וואָס האָט שלעכט בלוט אין ליב... מיין פאָרמולע פאַר גרויסקייט אין מענטש איז AMOR FATI: מ'זאָל גאָרנישט וועלן האָבן אַנדערש, נישט פאָרויס, נישט צוריק, אין דער גאַנצער אייביקייט נישט. דאָס נויטווענדיקע נישט נאָר פאַרטראָגן, נאָך ווייניקער עס פאַרהוילן — יעדער אידעאַליזם איז שקר לגבי דאס נויטווענדיקע, — נייערט ליבן...

---

פאַרוואָס איך שרייַב אַזעלכע גוטע ביכער. איינס בין איך, דאָס צווייטע זענען מיינע שריפטן. — זאָל דאָ, איידער איך וועל רעדן וועגן זיי גופא, באַרירט ווערן די פראַגע מכח דעם פאַרשטאַנען־ווערן אָדער נ י ש ט־פאַרשטאַנען־ווערן פון דידאָזיקע שריפטן. איך טו עס אַזוי נאַכלעסיק, ווי עס קאָן נאָר אָנגיין: מחמת דידאָזיקע פראַגע איז נאָך לגמרי נישט צייטמעסיק. איך אַליין בין נאָך נישט צייטמעסיק, מאַנכע ווערן געבוירן נאָכן טויט. — אַמאָל וועלן זיין נויטיק אינסטיטוציעס, אין וועלכע מ׳וועט לעבן און לערנען, ווי איך פאַרשטיי לעבן און לערנען; מעגלעך אפילו, אַז מ׳וועט דאַן אויפ־שטעלן ספּעציעלע קאַטעדרעס אויף צו דערקלערן דעם זאַראַטוסטראַ. אָבער דאָס וואָלט געווען אַ פולשטענדיקע סתירה צו מיר, ווען איך וואָלט היינט שוין געהאָפט אויף אויערן און הענט פאַר מיינע אמתן: וואָס מען הערט נישט היינט, וואָס מען ווייסט נישט היינט צו נעמען פון מיר, דאָס איז נישט נאָר פאַרשטענדלעך, עס דוכט מיר, אַז ס׳איז אַפילו רעכט אַזוי. איך וויל נישט פאַרביטן ווערן, — דערצו געהערט, איך זאָל מיך אַליין נישט פאַרבייטן. — איך חזר נאָכאַמאָל איבער, ווייניק אין מיין לעבן קאָן מען געפינען פון „בייזן ווילן”; אויך פון ליטעראַרישן „בייזן ווילן” וואָלט איך קוים געוווּסט צו דערציילן אַ פאַל. דערקייגן צו פיל פון אמתן אומזין!... מיר דוכט, עס איז איינער פון די זעלטנסטע

כּבֿודים, וואָס איינער קאָן זיך צוטיילן, ווען ער נעמט אַ בוך פֿון מיר אין די הענט אַריין, — איך רעכן גאָר, ער טוט דערצו אויס די שיך, — פֿון שטיוול אָפּגערעדט... ווען דער דאָק־טאָר היינריך פֿאָן שטיין האָט זיך איינמאָל ערלעך באַקלאָגט דערויף, אַז ער פֿאַרשטייט נישט קיין וואָרט פֿון מיין זאַראַטוסטראַ, האָב איך אים געזאָגט, אַז דאָס איז אין אָרדנונג: זעקס זאַצן האָבן דערפֿון פֿאַרשטאַנען, דאָס הייסט: איבערגעלעבט, הייבט אויף אויף אַ העכערע מדרגה פֿון די שטערבלעכע, ווי „מאָדערנע“ מענטשן וואָלטן געקאָנט דערגרייכן. ווי וואָלט איך געקאָנט, מיט אָט דעם געפֿיל פֿון דיסטאַנץ, צומאָל גאָר ווונטשן, פֿון די „מאָדערנע“, וועלכע איך קען, — געלייענט צו ווערן! — מיין טריומף איז גראָד אַ פֿאַרקערטער, ווי שאָפּענ־הויערס איז געווען, — איך זאָג „NON LEGOR, NON LEGAR“. — נישט, אַז כ'זאָל וועלן דאָס פֿאַרגניגן נישט דערשאַצן, וואָס ס'האָט מיר נישט איינמאָל פֿאַרשאַפֿט די נאַיוויטעט אין דעם נעגירן מיינע שריפֿטן. נאָך היינטיקן זומער, אין אַ צייט, ווען איך וואָלט אימשטאַנד געווען מיט מיין וואָגיקער, צו וואָגיקער ליטע־ראַטור דעם גאַנצן רעשט פֿון ליטעראַטור אַריבערצוּוועגן, האָט מיר אַ פּראָפֿעסאָר פֿון בערלינער אוניווערסיטעט געגעבן פֿריינט־לעך צו פֿאַרשטיין, אַז איך זאָל מיך פֿונדעסטוועגן מיט אַן אַנדע־רער פֿאָרם באַנוצן: אַזעלכעס לייענט נישט קיינער. — לסוף איז עס געווען נישט דייטשלאַנד, נאָר די שווייץ, וואָס האָט באַוויזן די צוויי עקסטרעמע פֿאַלן. אַן אַרטיקל פֿון ד"ר וו.ווידמאַן אין „BUND“ וועגן „אויף יענער זייט פֿון גוט און בייז“, אונטער דעם טיטל „ניטשעס געפֿערלעך בוך“, און אַן אַלגעמיינער באַריכט אי־בער מיינע ביכער בכלל מצד דעם הער קאַרל שפּיטעלער, אויך

אין „BUND“, זענען אַ מאַקסימום אין מײַן לעבן — איך היט
מיך צו זאָגן פון וואָס... דער לעצטער למשל האָט באַהאַנדלט מײַן
זאַראַטוסטראַ אַלס העכערע סטיל־איבונג, אויס־
דריקנדיק דערבײַ זײַן ווונטש, אַז איך זאָל פונדעסטוועגן ווײַטער
אויך זאָרגן פאַר אינהאַלט; ד״ר ווידמאַן האָט אויך אויסגעדריקט
זײַן אַכטונג פאַר דעם מוט, מיט וועלכן איך באַמי מיך אָפּצו־
שאַפן אַלע אָנשטענדיקע געפילן. — דורך אַ קליינעם להכעיס
פון צופאַל איז דאָ יעדער זאַך, מיט אַ קאָנסעקווענץ, וואָס איך
האָב באַוווּנדערט, געוואָרן אַן אמת מיטן קאָפּ אַראָפּ איבערגע־
קערט: ס'איז אין תּוך נישט געבליבן עפּעס אַנדערש צו טון, ווי
אַלע „ווערטן איבערשאַצן“, כּדי אויף אַ גראַד באַמערקנסווערטן
אופן צו טרעפן איבער מיר אַריבער דעם נאָגל אויפן קאָפּ —
אָנשטאָט מײַן קאָפּ צו טרעפן מיט אַ נאָגל... איז פּרוּוו איך בפרט
צו געבן אַ דערקלערונג. — לסוף קאָן קיינער נישט מער אַרויסהערן
פון די זאַכן, די ביכער נישט אויסגעשלאָסן, ווי ער ווייסט שוין.
צי וואָס מ'האָט נישט קיין צוגאַנג פון דער איבערלעבונג, דער־
פאַר האָט מען נישט קיין אויער. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַן
אויסערסטן פאַל: אַז אַ בוך רעדט פון לויטער איבערלעבונגען,
וואָס זענען אינגאַנצן אויסער דער מעגלעכקייט פון אַן אָפטער
אָדער אַפילו גאָר אַ זעלטענער דערפאַרונג, — אַז עס איז דאָס
ערשטע לשון פאַר אַ נײַע ריי פון דערפאַרונגען. אינעם דאָזיקן
פאַל וועט מען איינפאַך גאָרנישט הערן, מיט דעם אַקוסטישן
טעות, אַז דאָרט, וווּ מ'הערט גאָרנישט, איז אויך גאָר־
נישט פאַראַן... דאָס איז לסוף מײַן דורכשניטלעכע דערפאַ־
רונג און, אַז מ'וויל, די אָריגינעלקייט פון מײַן דערפאַרונג. ווער
עס האָט געגלויבט, אַז ער האָט עפּעס פון מיר פאַרשטאַנען,

דער האָט זיך געשאַפֿן עפּעס פֿון מיר לויט זיין בילד, — נישט
װעלטן אַ קעגנזאַץ פֿון מיר, למשל אַן „אידעאַלינג"; ווער עס האָט
נאָרנישט פֿון מיר פֿאַרשטאַנען, דער האָט געלייקנט, אַז איך זאָל
קומען בכלל אין באַטראַכט. — דאָס וואָרט „איבערמענטש" אויף
צו באַצייכענען אַ טיפּ פֿון העכסטער ווילגעראָטנקייט, אין קעגנ-
זאַץ צו „מאָדערנע" מענטשן, צו „גוטע" מענטשן, צו קריסטן און
אַנדערע ניהיליסטן — אַ וואָרט, וואָס אין מויל פֿון אַ זאַראַטוסטראַ,
דעם פֿאַרניכטער פֿון דער מאָראַל, ווערט עס אַ וואָרט צום
נאָכדענקען — איז כמעט אומעטום פֿאַשטאַנען געוואָרן מיט דער
גאַנצער אומשולד אינעם זין פֿון יענע ווערטן, וואָס זייער קעגנ-
זאַץ איז פֿאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פֿון זאַראַטוסטראַ:
דאָס הייסט אַלס „אידעאַליסטישער" טיפּ פֿון אַ העכערן מין
מענטש, האַלב „הייליקער", האַלב „זשעני"... אַן אַנדערער געלערנ-
טער אָקס האָט מיך צוליב אים פֿאַרדעכטיקט אין דאַרוויניזם;
אפֿילו דער פֿון מיר אַזוי בייזהאַפֿט אָפּגעוואָרפֿענער „העלדן-קולט"
פֿון יענעם גרויסן מטבע-פֿעלשער קעגן וויסן און ווילן, קאַרלייל,
איז דערין צוריק דערקענט געוואָרן. ווען איך האָב איינגע-
רוימט אין אויער, ער זאָל זיך גיכער נאָך אומזען וועגן אַ צעזאַר
באָרדזשיאַ, ווי וועגן אַ פּאַרסיפֿאַל, דער האָט נישט געגלייבט זיינע
אייגענע אויערן. — וואָס איך בין אָן נייגער צו די באַהאַנדלונ-
גען פֿון מיינע ביכער, באַזונדערס דורך די צייטונגען, דאָס וועט מען
מיר מוזן מוחל זיין. מיינע פֿריינט, מיינע פֿאַרלעגער ווייסן דאָס
און רעדן מיר נישט פֿון אַזעלכס. אין אַ באַזונדערן פֿאַל איז מיר
אַמאָל געקומען אַלץ אין פּנים אַריין, וואָס איז קעגן אַן איינצל
בוך — דאָס איז געווען „אויף יענער זייט פֿון גוט און בייז" —
געזינדיקט געוואָרן; איך וואָלט געקאָנט אַ פֿיינעם באַריכט וועגן

דעם אָפּגעבן. צי וואָלט מען עס געגלייבט, אַז די NATIONAL-
ZEITUNG — אַ פּרייסישע צייטונג, פאַר מיינע לייענער אין אויס=
לאַנד באַמערקט, — איך גופא, זייט מוחל, לייען נאָר דאס
JOURNAL DES DEBATS — האָט גאַנץ ערנסט פאַרשטאַנען
דאָס בוך אַלס „צייכן פון דער צייט", ווי די עכטע אמתע
יונקער=פילאָזאָפיע, וואס צו איר פעלט דער KREUZZEI-
TUNG נאָר מוט?...

2.

דאָס איז געווען פאַר דייטשן געזאָגט: ווייל אומעטום
האָב איך איבעריקנס לייענער — לויטער אויסדערוויילטע
גייסטער, אויסגעפּרווטע, אין הויכע שטעלונגען און פליכטן דערצוי=
גענע כאַראַקטערן; איך האָב אפילו אמתע געניעס צווישן מיינע
לייענער. אין ווין, אין פּעטערבורג, אין שטאָקהאָלם, אין קאָפּענ=
האַגען, אין פּאַריז, אין ניו=יאָרק — אומעטום האָט מען מיך
אַנטדעקט: נאָר נישט אין אייראָפּעס פלאַכלאַנד דייטשלאַנד...
און, לאָמיך עס מודה זיין, איך פריי מיך נאָך מער צוליב מיינע
נישט=לייענער, אַזעלכע, וואס האָבן נישט סיי מיין נאָמען, סיי דאס
וואָרט פילאָזאָפיע געהערט; אָבער וווּ איך קום, דאָ אין טורין
למשל, ווערט ביים דערזען מיך יעדעס פנים אויפגעהייטערט
און פריינטלעך. וואס עס האָט מיר צום מייסטן אַ הנאה געטון,
איז, וואס די אַלטע פאַרקויפערינס באַרויקן זיך נישט, ביז זיי זוכן
מיר צונויף די זיסטע פון זייערע טרויבן. אַזוי ווייט מוז מען
זיין פילאָזאָף... נישט בחנם רופט מען אָן די פּאָליאַקן די פראַנצויזן
צווישן די סלאַוויאַנער. אַ באַצויבערנדע רוסין וועט קיין איין רגע
נישט האָבן אַ טעות, וואוהין איך געהער. עס געלינגט מיר

נישט צו הערן פייערלעך, ההעכסטנס דערגייי איך ביז צו פאַר־
לעגנהייט... דייטש דענקען, דייטש פילן — איר קאָן אַלץ, אָבער
דאס איז איבער מיינע כח׳רת... מיין אַלטער לערער ריטשל פלעגט
זאָגאַר זאָגן, אַז אפילו מיינע פילאָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען פאַרפאַס
איך ווי אַ פּאַריזער ראָמאַניסט—אַבסורד שפּאַנענדיק. אין פּאַריז
גיפּא איז מען דערשטוינט איבער „TOUTES MES AUDACES
ET FINESSES" — דער אויסדרוק איז פון הער טען —; איך
האָב מורא, ביז אין די העכסטע פאָרמען פונם דיפּיראַמב ווערט
מען געפינען ביי מיר צוגעמישט פון יענעם זאַלץ, וואס קיינמאָל
ווערט עס נישט נאריש — „דייטש" — ,ESPRIT... איך קאָן
נישט אַנדערש. העלף מיר גאָט! אמן. — מיר ווייסן אַלע, מאַנכע
ווייסן דאָס אפילו פון דערפאַרונג, וואס אַ באַשעפעניש מיט לאַנגע
אויערן איז. נו גוט, איך וואַג צו זאָגן, אַז איך האָב די קלענסטע
אויערן. דאָסדאָזיקע אינטערעסירט נישט גאָר ווייניק די פרויען,—
עס דוכט מיר, זיי פילן זיך בעסער פון מיר פאַרשטאַנען?... איך
בין דער אַ נ ט י ־ א י י ז ל PAR EXCELLENCE און דערמיט אַ
וועלט־היסטאָרישע וואונדער־בריאה, — איך בין, אויף גריכיש
און נישט נאָר אויף גריכיש, דער אַ נ ט י ק ר י ס ט...

3.

איך קאָן געוויסערמאסן מיינע פאָרצוגן אַלס שרייבער; אין
איינצלנע פאַלן איז עס מיר אויך באַוויזן, ווי שטאַרק די געוויי־
נונג צו מיינע שריפטן „פאַרדאַרבט" דעם געשמאַק. מ׳האַלט
איינפאַך אַנדערע ביכער נישט מער אויס, צום ווייניקסטן פילאָ־
זאָפישע. עס איז אַן אויסצייכענונג אָן גלייכן אין דידאָזיקע פאָרנעמע
און דעליקאַטע וועלט אַריינצוקומען, — מ׳דאַרף דערצו דורכויס

נישט זיין קיין דייטש; עס איז לסוף אַן אויסצייכנונג, וואס מען מוז זיך האָבן פאַרדינט. ווער ס'איז מיר אָבער פאַרוואַנדט מיט דער הויך פון וועלן, דער לעבט דערביי איבער אמת'ע עקסטאַזן פון לערנען: ווייל איך קום פון הויכן, וואס קיין פויגל איז נאָך קיינמאָל נישט דערפלויגן, איך קען אָפּגרונטן, וואס קיין פוס האָט נאָך אַהין נישט פאַרבלאָנדזשעט. מ'האָט מיר געזאָגט, עס איז נישט מעגלעך מיינס אַ בוך אַרויסצולאָזן פון דער האַנט, — איך שטער אפילו די נאַכט־רו... נישט פאַראַן לגמרי קיין שטאָלצערער און צוגלייך ראַפינירטערער מין פון ביכער: — זיי דערגרייכן ערטערווייז דאָס העכסטע, וואס קאָן אויף דער ערד דערגרייכט ווערן, דעם ציניזם; מ'מוז זיי זיך דעראָבערן מיט די צאַרטסטע פינגער, פונקט ווי מיט די מוטיקסטע פויסטן. יעדער מום פון דער נשמה שליסט אויס דערפון, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אפילו יעדע נישטפאַרדייונגס־קראַנקהייט: מ'טאָר נישט האָבן קיין נערוון, מ'מוז האָבן אַ פרייליך אונטערלייב. נישט נאָר די אָרימקייט, די ווינקל־לופט פון אַ נשמה שליסט אויס דערפון, אַ סך מער נאָך דאס פחדנישע, דאס אומריינע, דאס געהיים־נקמה־גיריקע אין די אינגעווייד: איין וואָרט מיינס יאָגט אַלע שלעכטע אינסינקטן אין פנים אריין. איך האָב אין מיינע באַקאַנטע מאַנכע עקספּערימענט־חיות, וואס איך שטעל פעסט ביי זיי די פאַרשידענע, זייער לעררייך פאַרשידענע רעאַקציע אויף מיינע שריפטן. ווער עס ווייל גאָרנישט האָבן צו טון מיט זייער אינהאַלט, מיינע אַזוי־גערופענע פריינט למשל, ווערט דערביי „אומ[illegible]לעך": מ'ווינטשט מיר גליק, וואס איך בין „ווייטער" געגאַנגען, — אויך ווייזט זיך אַרויס אַ פאָרשריט אין אַ גרעסערער קלאָרקייט פון טאָן... די גאָר פאַרדאָרבענע „גייסטער", די „שיינע נשמות", די טיף אין

גרונט שקרדיקע ווייסן אײַנפּאַך נישט, וואָס זיי זאָלן טון מיט דידאָזיקע ביכער, — במילא האַלטן זיי דיזעלבע נידעריקער פון זיך, די שיינע קאָנסעקווענץ פון אַלע „שיינע נשמות". דאָס פי צווישן מיינע באַקאַנטע, בלויז דייטשן, זייט מוחל, גיט צו פאַר־שטיין, מ'איז נישט אַלעמאָל אין מיין מיינונג, נאָר דאָך טיילמאָל... איך האָב דאָסדאָזיקע אפילו וועגן דעם זאַראַטוסטראַ געהערט... דאָסגלייכן איז יעדער „פעמיניזם" אינם מענטש, אויך אין מאַן, אַ טויער־פאַרשליסונג פאַר מיר: מ'וועט קיינמאָל נישט אַריינקומען אין דעמדאָזיקן לאַבירינט פון דרייסטע דערקענטנישן. מ'מוז זיך אַליין קיינמאָל נישט האָבן געשוינט, מ'מוז האַרבקייט האָבן אין זיינע געוווינהייטן, כדי צווישן בלויז האַרבע אמתן צו זיין פריילעך און מונטער. ווען איך מאָל מיר אויס דאָס בילד פון אַ פולקומענעם לייענער, קומט אַלעמאָל אַרויס אַן אומגעהויער פון מוט און נייגער, אַ חוץ דעם נאָך עפּעס בויגעוודיקס, כיטרעס, פאָרזיכטיקס, אַ געבוירענער זוכער און אַנטדעקער. לסוף: איך וואָלט עס נישט געקאַנט בעסער זאָגן, צו וועמען אַליין איך רעד אין גרונט, ווי זאַראַטוסטראַ האָט עס געזאָגט: פאַר וועמען אַליין וויל ער זיין רעטעניש דערציילן?

„פאַר אייך, די מוטיקע זוכער, פרווער, און ווער עס האָט זיך ווען איז מיט כיטרע זעגלען אויף שרעקלעכע ימען אַרויסגעלאָזט,—

פאַר אייך, די רעטעניש־שכורע, די בין־השמשות־פריידיקע, וואָס אייער נשמה ווערט מיט פלייטן צוגעצויגן צו יעדן אָפּנאַ־רערישן תהום:

— ווייל נישט מיט פחדנישער האַנט ווילט איר טאַפּנדיק נאָכגיין דעם פאָדים; און וווּ איר קאָנט טרעפן, דאָרט האָט איר פיינט אויסצורעכענען..."

## 4.

איך וועל זאָגן צוגלייך נאָך אַן אַלגעמיין וואָרט איבער מיין קונסט פון סטיל. א צושטאַנד איבערגעבן, אַן אינערליכע שפּאַנונג פון פּאַטאָס דורך צייכנס, אַריינגערעכנט דאָס טעמפּאָ פון אָט די צייכנס — דאס איז דער זין פון יעדן סטיל; און אַזוי ווי די פילדהייט פון אינערלעכע צושטאַנדן איז ביי מיר אויסערגעוויינלעך, זענען ביי מיר פאַראַן אַ סך מעגלעכקייטן פון סטיל — די פילפאַכסטע קונסט פון סטיל בכלל, וואס אַ מענטש האָט ווען געהאַט אין זיין רשות. גוט איז יעדער סטיל, וועלכער גיט ווירקלעך איבער אַן אינערליכן צושטאַנד, וועלכער מאַכט נישט קיין טעות בנוגע די צייכנס, בנוגע דעם טעמפּאָ פון די צייכנס, בנוגע די תנועות — אַלע געזעצן פון פּעריאָד זענען קונסט פון תנועה. מיין אינסטינקט איז זיך דאָ קיינמאָל נישט טועה. — גוטער סטיל אין זיך — אַ ריינער אומזין, אַ בלויזער „אידעאַליזם", אַ שטייגער, ווי דאס „שיינע אין זיך", ווי דאס „גוטע אין זיך", ווי די זאַך אין זיך"... אַלץ נאָך גערעכנט, אַז עס זענען פאַראַן אויערן — אַז עס זענען פאַראַן אַ זעלכע, וואס זענען מסוגל צו אַ ענלעכן פּאַטאָס און זענען אים ווערט, אַז עס פעלן נישט די, וועמען מען מעג זיך מיטטיילן. — מיין זאַראַטוסטראַ למשל זוכט נאָך דערווייל אַ זעלכע — אַך! ער וועט נאָך האָבן לאַנג צו זוכן! — מ'מוז ווערט זיין אים צו פאָרשן... און ביז דאַמאָלס וועט קיינער נישט זיין, וואס זאָל די קונסט באַגרייפן, וועלכע איז דאָ פאַרשווענדט געוואָרן: עס האָט קיינמאָל נישט ווער געהאַט מער פון נייע, פון אומדערהערטע, פון באמת דערצו ערשט געשאַפענע קונסטמיטלען צו פאַרשווענדן. אַז אַזעלכעס איז גראָד מעגלעך געווען אין דייטש, האָט מען באַ=

דאַרפט באַווייזן: איך גופא וואָלט דאס פריער געוועט אַמשאַרפסטן
אָפּגעלייקנט. מ'ווייסט נישט פאַר מיר, וואס מ'קאָן מאַכן מיט
דער דייטשער שפּראַך,–וואס מ'קאָן בכלל מאַכן מיט דער שפּראַך.
די קונסט פון ג ר ו י ס ן ריטם, דער ג ר ו י ס ע ר ס ט י ל
פון דער פּעריאָדישקייט, אויף אויסצודריקן אַן אומגעהויער
שטייגן און פאַלן פון הויכער, פון איבערמענטשלעכער ליידנ־
שאַפט, איז ערשט פון מיר אַנטדעקט; מיט אַ דיפּיראַמב ווי דער
לעצטער פון ד ר י ט ן טייל זאַראַטוסטראַ, מיטן טיטל „די זיבן
חתימות", בין איך אַרויפגעפלויגן טויזנט מייל העכער איבער
דעם, וואָס האָט ביז אַהער געהייסן דיכטונג.

5.

— אַז פון מיינע שריפטן אַרויס רעדט אַ פ ס י כ אָ ל אָ ג, וואס
האָט נישט זיין גלייכן, דאס איז אפשר דאס ערשטע איינזען, צו
וועלכן עס קומט אַ גוטער לייענער –– אַ לייענער, ווי איך פאַרדין
אים, וועלכער לייענט מיך, ווי גוטע אַלטע פילאָלאָגן פלעגן לייענען
זייער האָראַץ. די הנחות, בנוגע וועלכע די וועלט איז אין תוך
איינשטימיק — נישט רעדנדיק גאָר פון די אַלוועלטלעכע פילאָ־
זאָפן, די מאָראַליסטן און אַנדערע הוילע נאַרישע קעפּ — קוקן
אויס ביי מיר ווי נאַיוויטעטן פון טעות: למשל יענער גלויבן,
„אַז אומעגאָיסטיש" און „עגאָיסטיש" זענען קעגנזאַצן, בעת דאס
EGO אַליין איז בלויז אַ „העכערער שווינדל", אַן „אידעאַל"...
נישטאָ נ י ש ט קיין „עגאָיסטישע", נ י ש ט קיין „אומעגאָיסטי־
שע" האַנדלונגען: ביידע באַגריפן זענען פסיכאָלאָגישער אומזין.
אָדער די הנחה „דער מענטש שטרעבט צו גליק"... אָדער די
הנחה „דאס גליק איז דער לוין פון דער טוגנט"... אָדער

די הנחה „פרייד און לייד זענען קעגנזאַצן"... די צירצע פון דער מענטשהייט, די מאָראַל, האָט אַלע PSYCHOLOGICA אין טיפ־סטן גרונט געפעלשט — פ אַ ר מ אָ ר אַ ל י ז י ר ט — ביז צו יענעם שוידערהאַפטן אומזין, אַז די ליבע איז עפעס „אומעגאָיסטישעס"... מ'מוז פעסט זיצן אויף ז י ך, מ'מוז מוטיק שטיין אויף זיינעביידע פיס, אַנישט קאָ ן מען לחלוטין נישט ליבן. דאס ווייסן לסוף די פרויען נאָך צו גוט: זיי מאַכן זיך גאָרנישט פון אומעגאָיסטישע, פון בלויז אָביעקטיווע מענער... צי מעג איך מיך דערוועגן מיין השערה דערביי אַרויסצוזאָגן, אַז איך ק ע ן די פרויען? דאָס געהערט צו מיין דיאָניזישן פאַרמעג. ווער ווייסט? אפשר בין איך דער ערשטער פסיכאָלאָג פון דעם אייביק־ווייבלעכן. זיי ליבן מיך אַלע — אַן אַלטע מעשה: די פ אַ ר אומ ג ל י ק ט ע פרויען נישט גערעכנט, די „עמאַנציפירטע", וועלכע זענען נישט מסוגל צו האָבן קינדער. — צום גליק האָב איך נישט בדעה מיך צו לאָזן צערייסן: די פולקומענע פרוי צע־רייסט, ווען זי ליבט... איך קען דידאָזיקע ליבנסווירדיקע וואַקכאַנטינס... אָ, וואָסאַר געפערלעך, זיך שאַרנדיק, אונטערערדיש קליין רויב־חיהלע! און אַזוי אנגענעם דערביי!... אַ קליינע פרוי, וואָס יאָגט זיך נאָך נקמה, וואָלט דעם גורל אַליין איבערגעקערט. — די פרוי איז אומפערגלייכלעך פיל בייזער ווי דער מאַן, אויך קלוגער; גוט־קייט אין דער פרוי איז שוין אַ פאָרם פון אַ נ ט אַ ר ט ו נ ג... ביי אַלע אַזוי־גערופענע „שיינע נשמות" איז פיזיאָלאָגיש עפעס נישט אין אָרדנונג אויף דעם גרונט, — איך זאָג נישט אַלץ, אַנישט וואָלט איך געוואָרן מעדי־ציניש. דער קאַמף וועגן ג ל יי כ ע רעכט איז אפילו אַ סימפטאָם פון קראַנקהייט: יעדער רופא ווייסט דאָס. — די פרוי, וואָס מער פרוי זי איז, ווערט זי זיך דאָך מיט הענט און

פיס קעגן רעכט בכלל: דער נאַטורצושטאַנד, דער אייביקער קריג צווישן די געשלעכטער גיט איר דאָך אינגאַנצן דאָס ערשטע אָרט.— האָט מען אויערן געהאַט פאַר מיין באַשיידונג פון ליבע? עס איז די איינציקע, וואס זי איז ווערט אַ פילאָזאָף. ליבע — דאָס איז אין אירע מיטלען דער קריג, אין איר תוך דער טויטהאַס פון די געשלעכטער. צי האָט מען געהערט מיין ענטפער אויף דער פראַגע, וויאַזוי מ'קורירט — „מ'דערלייזט" אַ פרוי? מ'מאַכט איר אַ קינד. די פרוי האָט קינדער נויטיק, דער מאַן איז תמיד נאָר דאָס מיטל: אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ. — „עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי" — דאָס איז דער אינסטינקטהאַס פון דער אומגעראָטענער, דאָס הייסט צום קינדער האָבן אומפעיקער פרוי לגבי דער וווילגעראָטענער, — דער קאַמף קעגן דעם „מאַן" איז אַלעמאָל נאָר מיטל, תירוץ, טאַקטיק. זיי ווילן, בעת זיי שטעלן זיך העכער, אַלס „פרוי אין זיך", אַלס „העכערע פרוי", אַלס „אידעאַליסטין" פון אַ פרוי, נידעריק מאַכן דאָס אַלגעמיינע ראַנג־ניוואָ פון דער פרוי; נישטאָ קיין זיכערער מיטל דערצו ווי גימנאַזיע־בילדונג, הויזן און פּאָליטישע סטאַדע־שטים־רעכט. אין תוך זענען די עמאַנציפּירטע די אַנאַרכיסטן אין דער וועלט פון דאָס „אייביק־ווייבלעכע", די געליטענע, וועמעס פאַרבאָרגנסטער אינסטינקט ס'איז נקמה... אַ גאַנצער מין פון ערגסטן „אידעאַליזם" — וועלכער קומט איבעריקנס אויך פאָר ביי מענער, למשל ביי הענריק איבסען, דער דאָזיקער טיפּישער אַלטער בתולה — האָט דעם ציל צו פאַרסמען דאָס גוטע געוויסן, די נאַטור אין דער געשלעכטסליבע... און כּדי נישט איבערצולאָזן קיין צווייפל בנוגע מיין אנשטענדיקער און שטרענגער געזינונג אין אָט דער באַציונג, וויל איך ברענגען נאָך אַ זאַץ פון

מיין מאָראַל־קאָדעקס קעגן דער מ ד ה מ ג ו נ ה: מיט דעם וואָרט מדה מגונה באַקעמף איך יעדן מין קעגנגנאַטור אָדער, וויבאַלד מ'האָט ליב שיינע ווערטער, אידעאַליזם. דער זאַץ הייסט: „דאס פריידיקן פרישות איז אן עפנטלעכע אויפרייצונג צו קעגננאַטור. יעדע פאַראַכטונג פון געשלעכטלעכן לעבן, יעדעס באַשמוצן פון דעמזעלבן דורך דעם באַגריף „אומריין" איז דאס פאַרברעכן אליין קעגן לעבן,—איז די אייגנטלעכע זינד קעגן דעם הייליקן גייסט פון לעבן".

6.

כדי צו געבן אַ באַגריף פון מיר אַלס פסיכאָלאָג, ברענג איך אַ זעלטן שטיק פסיכאָלאָגיע, וואס קומט פאָר אין „אויף יענער זייט פון גוט און בייז", — איך פאַרוועהר איבעריקנס יעדע השערה וועגן דעם, וועמען איך באַשרייב אינם דאָזיקן אָרט. „דער געניע פון הארץ, ווי עס האָט אים יענער גרויסער פאַרבאָרגענער, דער אויספּרוּווער־גאָט און געבוירענער כאַגער פון די געוויסנס, וועמעס שטים ס'קאָן אַראָפּדרינגען ביז אין דער לעצטער טיף פון יעדער נשמה, וועלכער זאָגט נישט קיין וואָרט, בליקט נישט קיין בליק, וואס דערין זאָל נישט זיין פאַרבאָרגן אַ מיין און ווינק פון צוציונג, צו וועמעס מייסטערשאַפט עס געהערט, וואס ער קאָן זיך אויסדוכטן — און נישט דאָס, וואָס ער איז, נאָר וואס עס איז פאַר יענע, וועלכע גייען אים נאָך, מ ע ר אַ צוואַנג, כדי זיך צו אים אַלץ נענטער צו דרענגען, כדי אים אינערלעכער און גרינטלעכער נאָכצוגיין... דער געניע פון הארץ, וועלכער מאַכט אַל־דאָט רעשנדיקע און זעלבסטצופרידענע שטום און לערנט עס ה ר ן, וועלכער פאַלירט די רויע נשמות און גיט זיי צו פאַרזוכן אַ נייעם פאַרלאַנג: — שטיל צו ליגן ווי אַ שפּיגל, אַז דער טיפער הימל

זאָל זיך אויף זיי שפּיגלען... דער גרעניע פון דהאַרץ, וועלכער לערנט די אומגעלומפּערטע און צו שנעלע האַנט זיך צוריקהאַלטן און פיינער אָננעמען; וועלכער דערשפּירט דעם פאַרבאָרגענעם און פאַרגעסענעם אוצר, דעם טראָפּן גוטקייט און זיסע גייסטיקייט אונטער טריבן דיק אייז און איז אַ צויבערשטעקעלע פאַר יעדן ברעקל גאָלד, וואָס ליגט לאַנג באַגראָבן אין דער תּפיסה פון אַ סך שליים און זאַמד... דער גרעניע פון דהאַרץ, פון וועמעס באַריי־רונג יעדער גייט אַוועק רייכער, נישט באַגנעדיקט און איבערראַשט, נישט ווי פון פרעמד גוטס באַגליקט און באַדריקט, נאָר רייכער אין זיך אַליין, נייער פאַר זיך ווי פריער, אויפגעבראָכן, דורך אַ טוי־ווינט אָנגעווייט און אויסגעהאָרכט, אומזיכערער אפשר, צערטלע־כער, צעבערעכלעכער, צעבראָכענער, אָבער פול מיט האָפנונגען, וואָס האָבן נאָך קיין נאָמען נישט, פול מיט נייעם ווילן און צו־פלוס, פול מיט נייעם אומווילן און אָפּפלוס..."

**די געבורט פון דער טראַגעדיע.** כּדי גערעכט צו זיין לגבי דער „געבורט פון דער טראַגעדיע" (1872), מוז מען מאַנכע זאַכן פאַרגעסן. זי האָט מיט דעם געווירקט און אפילו באַ־צויבערט, וואָס אין איר האָט זיך נישט איינגעגעבן — מיט איר אָנווענדונג אויף דער וואַגנעריי... גלייך ווי דידאַזיקע וואָלט זיין אַ סימפּטאָם פון אויפשטייג. דידאָזיקע שריפט איז געווען גראָד דערמיט אַ געשעעניש אין וואַגנערס לעבן: פון דאַן אָן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן גרויסע האָפענונגען ביי דעם נאָמען וואַג־נער. נאָך היינט דערמאָנט מען מיך אָן דעם, ביי דער געלעגנהייט פון די פאַרסיפאַל־פאָרשטעלונגען: ווי איך האָב עס אייגנטלעך

אויף דעם געוויסן, וואס עס איז אויסגעוואַקסן אַזאַ הויכע מיי=
נונג איבער דעם קולטור=ווערט פון דערדאָזיקער באַוועֿ=
גונג. — איך האָב באַגעגנט נישט איינמאָל דידאָזיקע שריפט
ציטירט ווי „די ווידערגעבורט פון דער טראַגעדיע אויס דעם גייסט
פון מוזיק״: מ׳האָט בלויז געהאַט אויערן פאַר אַ נייער פאָרמול פון דער
קונסט, פון דעם ציל, פון דער אויפגאַבע וואַגנערס — ווייטער
האָט מען נישט געהערט, וואס די שריפט האָט אין תוך געהאַט
אין זיך ווערטפולעס. „גריכנטום און פעסימיזם״: דאס וואָלט
געווען אַ נישט=צוויידייטיקער טיטל: טאַקי אַלס ערשטע באַלערונג
וועגן דעם, וויאַזוי די גריכן האָבן זיך אַן עצה געגעבן מיט
דעם פעסימיזם, — מיט וואס זיי האָבן אים גובר געווען...
די טראַגעדיע גראָד איז דער באווייז, אַז די גריכן זענען קיין
פעסימיסטן נישט געווען; שאָפּענהויער האָט דאָ אַ טעות געהאַט,
ווי ער האָט זיך אין אַלעם טועה געווען. — מיט אַ געוויסער
נייטראַלקייט אין די האַנט גענומען, זעט די „געבורט פון דער
טראַגעדיע״ אויס זייער נישטצייטמעסיק: מ׳וואָלט זיך נישט אין
חלום געקאָנט פאָרשטעלן, אַז איר התחלה איז געמאַכט גע=
וואָרן אונטער די שלאַכט=דונערן ביי ווערט. איך האָב דידאָזיקע
פראָבלעמען אַדורכגעטראַכט פאַר די מויערן פון מעץ, אין קאַלטע
סעפּטעמבער=נעכט, בעתן דערפילן די פליכטן פון סאַניטאַר=דינסט;
מ׳וואָלט שוין גיכער געקאָנט גלויבן, אַז די שריפט איז עלטער מיט
פופציק יאָר. זי איז פּאָליטיש אומדיפערענט — „נישט דייטש״,
וועט מען היינט זאָגן —, זי שמעקט אויף אַ ווידערלעכן שטיי=
גער מיט העגעל, עס שלאָגט פון איר אין מאַנכע פאָרמולעס דער
ביטערער בר=מינן=ריח שאָפּענהויערס. אַ „אידעע״ — דער קעגנ=
זאַץ דיאָניזיש און אַפּאָליניש — איבערגעטראָגן אין די מעטאַפיזיק,

די היסטאָריע גופא ווי די אַנטוויקלונג פון דערדאָזיקער אידעע; אין דער טראַגעדיע דער קעגנזאַץ דערפירט צו איינהייט; אונטער דערדאָזיקער אָפּטיק זאַכן, וואס האָבן נאָך קיינמאָל נישט געקוקט איינע דער אַנדערער אין פנים אַריין, מיטאַמאָל געשטעלט איינע קעגן דער אַנדערער, איינע פון דער אַנדערער באַלויכטן און באַגריפן... די אָפּערע למשל און די רעוואָלוציע... די צוויי אַנטשיידנדיקע נייקייטן פון דעם בוך זענען ערשטנס דאס פאַרשטענדעניש פון דער דיאָניזישער דערשיינונג ביי די גריכן — עס גיט איר ערשטע פסיכאָלאָגיע, עס זעט אין איר דעם איינציקן שורש פון דער גאַנצער גריכישער קונסט. — דאס צווייטע איז דאס פאַרשטענדעניש פון סאָקראַטיזם: סאָקראַטעס צום ערשטן מאָל אַלס ווערקצייג פון דער גריכישער אויפלעזונג דערקענט, אַלס טיפּישער דעקאַדענט. „שכלדיקייט" קעגן אינסטינקט. די „שכלדיקייט" פאַר יעדן פרייז אַלס מאַכט, וואס איז געפערלעך, וואָס גראָבט אונטער דאס לעבן! — אַ טיף פיינטלעך שווייגן וועגן דעם קריסטנטום אין גאַנצן בוך. עס איז נישט אַפּאָליניש, נישט דיאָניזיש; עס נעגירט אַלע עסטעטישע ווערטן — די איינציקע ווערטן, וועלכע די „געבורט פון דער טראַגעדיע" אָנערקענט: עס איז אין טיפסן זין ניהיליסטיש, בעת אין דעם דיאָניזישן סימבאָל איז די אויסערסטע גרענעץ פון באַיאָונג דערגרייכט. איינמאָל ווערט אויף די קריסטלעכע פריסטער געגעבן אַ רמז ווי אויף אַ „נידערטרעכטיקן מין פון קאַרליקעס", פון „אונטערערדישע"...

2. דערדאָזיקער אָנפאַנג איז איבער יעדער מאָס מערקווירדיק. איך האָב צו מיין אינערלעכסטער דערפאַרונג אַנטדעקט

דעם איינציקן סימבאָל און גלייכונג, וואס די געשיכטע פאַרמאָגט—
איך האָב גראָד דערמיט אַלס ערשטער באַגריפן די וואונדערפולע
דערשיינונג פון דאס דיאָניזישע. דאָסגלייכן איז דערמיט, וואס איך
האָב סאָקראַטעסן דערקענט אַלס דעקאַדענט, געוועזן געגעבן אַ גאַנץ
נישט-צווייַדייטיקער באַווייז, ווי ווייניק עס וועט דראָען דער זיכער-
קייט פון מיין פסיכאָלאָגיש געפיל אַ סכנה מצד וועלכער עס איז מאָ-
ראַל-אידיאָסינקראַזיע: — די מאָראַל גופא אַלס דעקאַדאַנס-סימפּטאָם
איז אַ נייקייט, אַן ערשטראַנגיקע זעלטנקייט אין דער געשיכטע פון
דער דערקענטניש. ווי הויך בין איך מיטביידע זאַכן אַריבערגע-
שפּרונגען איבער די נישטיקע פּלאַפּלעריי פון פּלאַכע קעפ וועגן אָפּ-
טימיזם קאָנטרא פּעסימיזם! — איך האָב דערזען צום ערשטן
דעם אייגנטלעכן קעגנזאַץ: — דעם אנטארטנדיקן אינ-
סטינקט, וועלכער קערט זיך קעגן דעם לעבן מיט אַן אונטער-
ערדיש נקמה-געפיל (— קריסטנטום, שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע,
אין אַ געוויסן זין שוין פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע, דער גאַנצער אידע-
אַליזם אלס טיפּישע פאָרמען) און אַ פאָרמול פון דער העכסטער
באַיאָונג, פון דער פולקייט, פון דער שפע געבוירן, אַ יאָ-
זאָגן אָן באַוואָרעניש, אפילו צום לייד, אפילו צו דער שולד,
אפילו צו אַלדאָס אויסטערלישע און וואונדערלעכע פונם לעבן...
דערדאָזיקער לעצטער, פריידיקסטער, איבערמעסיק-דרייסטסטער יאָ
צום לעבן איז נישט נאָר דער העכסטער אײַנבליק, ער איז
אויך דער טיפסטער, דער פון אמת און וויסנשאַפט צום
שטרענגסטן באַשטעטיקטער און אונטערגעהאַלטענער. עס איז
גאָרנישט, וואס עקזיסטירט, אַוועקצומאַכן, עס איז גאָרנישט איבע-
ריק — די פון די קריסטן און אַנדערע ניהיליסטן נעגירטע זייטן פון
לעבן שטייען אפילו אויף אַן אומענדלעך העכערער מדרגה אין

דער היעראַרכיע פון די ווערטן, ווי דאס, וואס דער דעקאַדאַנס־
אינסטינקט האָט געמעגט אָנערקענען, אָ נ ר ו פ ן ג ו ט. אָט דאס משיג
צו זיין, דערצו געהערט מ ו ט און, ווי דער באַדינג זיינער, אַן
איבערפלוס פון ק ר אַ פ ט: ווייל פונקט אַזוי ווייט ווי דער מוט
מ ע ג זיך וואַגן צו גיין פאָרויס, פונקט ליוט דער מאָס פון קראַפט
דערנענטערט מען זיך צום אמת. די דערקענטניש, דאס יאָ־זאָגן
צו דער ווירקלעכקייט, איז פאַר דעם שטאַרקן פונקט אַזאַ אומ־
באַדינגטע זאַך, ווי פאַר דעם שוואַכן, אונטער דער השפעה
פון דער שוואַכקייט, די פחדנות און פ ל י ט ה פאַר דער וויר־
קלעכקייט — דער „אידעאַל”... זיי זענען נישט ביכולת צו דער־
קענען: די דעקאַדענטן האָבן נ ו י ט י ק דעם שקר — ער איז
איינע פון זייערע עקזיסטענץ־באַדינגונגען. — ווער נישט נאָר ער
באַגרייפט דאס וואָרט „דיאָניזיש”, נאָר זיך באַגרייפט ער אין דעם
וואָרט „דיאָניזיש”, דער נויטיקט זיך נישט אין קיין שום אָפּרע־
גונג פון פלאַטאָ אָדער פון קריסטנטום אָדער פון שאָפּענהויער—
ער שפּירט די צעפוילונג...

3. אויף וויפיל איך האָב גראָד דערמיט געפונען דעם באַגריף
„טראַגיש”, די לעצטע דערקענטניש וועגן דעם, וואס עס איז די
פסיכאָלאָגיע פון דער טראַגעדיע, האָב איך לסוף אויך אויסגעדריקט
אין געצן־בין־השמשות ז. 139. „דאס יאָ־זאָגן צום לעבן אפילו
נאָך אין זיינע ווונדערלעכסטע און האַרבסטע פּראָבלעמען; דער
ווילן צום לעבן, וואס די אייגענע אומדערשעפּלעכקייט פילט
אים אָן מיט פרייד, בעת ער איז מ ק ר י ב זיינע העכסטע
טיפּן – ד אָ ס האָב איך אָנגערופן דיאָניזיש, דאס האָב איך
פאַרשטאַנען ווי אַ בריק צו דער פסיכאָלאָגיע פון ט ר אַ ג י ש ן דיכטער.

נישט כדי פון פחד און מיטלייד זיך צו באַפרייען, נישט כדי פון אַ געפערלעכן אַפעקט דורך אַ העפטיקן אויסברוך זיך צו רייניקן — אַזוי האָט עס אַריסטאָטעלעס פאַלש פאַרשטאַנען —: נאָר כדי, ווייט איבער פחד און מיטלייד, די אייביקע לוסט פונם ווערן אַליין צו זיין, — יענע לוסט, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך אויך נאָך די לוסט פון צעשטערן..." אין דעמדאָזיקן זין האָב איך דאס רעכט מיך גופא צו פאַרשטיין ווי דעם ערשטן טראַגישן פילאָזאָף — דאס הייסט דעם אויסערסטן קעגנזאַץ און אַנטיפּאָד פון אַ פעסימיסטישן פילאָזאָף. ביז מיר איז אָט די אומוואַנדלונג פונם דיאָניזישן פּאַטאָס אין אַ פילאָזאָפישן נישט פאַראַן: עס פעלט די טראַגישע חכמה, — איך האָב אומזיסט געזוכט סמנים דערפון ביי די גרויסע גריכישע פילאָזאָפן, די פון צוויי יאָרהונדערט פאַר סאָקראַטעס. אַ ספק האָט ביי מיר איבערגעלאָזט העראַקליט, אין וועמעס נאָענט עס ווערט מיר בכלל וואַרעמער, אנגענעמער, ווי ערגעץ אַנדערש־וווּ. דאָס באַיאָען פון פאַרגיין און צעשטערן, דאס אַנטשיידנדיקע אין אַ דיאָניזישער פילאָזאָפיע, דאס יאָ־זאָגן צו קעגנזאַץ און קריג, דאס ווערן, מיט ראַדיקאַלער אָפּוואַרפונג אפילו גאָר פון באַגריף „זיין" — דערין מוז איך ביי אַלע אומשטענדן אנערקענען, אַז דאָס איז מיר דאס פאַרוואַנדסטע, וועלכעס איז ביזאַהער געדאַכט געוואָרן. די לערע פון דעם „אייביקן ווידערקום", דאס הייסט פון דעם אומבאַדינגטן און אומענדלעך זיך איבערחזרנדיקן קרייז־לויף פון אַלע זאַכן — די דאָזיקע לערע זאַראַטוסטראַס האָט לסוף געקאָנט מעגלעך אויך שוין דורך העראַקליט געלערנט ווערן. ווייניקסטנס געפינען זיך דערפון שפורן ביי סטאָאַ, וואָס האָט כמעט אַלע אירע יסוד־פאָרשטעלונגען געירשנט פון העראַקליט. —

4. פון דערדאָזיקער שריפט ארויס רעדט אַן אומגעהויערע האָפענונג. לסוף האָב איך נישט קיין שום גרונט צוריקאָפּצונעמען די האָפענונג אויף אַ דיאָניזישע צוקונפט פון דער מוזיק. לאָמיר וואַרפן אַ בליק הונדערט יאָר פאָרויס, לאָמיר אָננעמען, אַז מיין אַטענטאַט אויף צוויי יאָרטויזנט פון קעגנאַטור און מענטשן־שענדונג געלינגט. יענע נייע פּאַרטיי פון לעבן, וועלכע וועט נעמען די גרעסטע פון אַלע אויפגאַבן, די העכער־דערציונג פון דער מענטשהייט, אין די הענט אַריין, אַריינגערעכנט די אומרחמנותדיקע פאַרניכטונג פון אַלץ, וואָס אַנטאַרטעט און איז פּאַראַזיטיש, וועט ווידער מעגלעך מאַכן יענעם איבערפלוס פון לעבן, פון וועלכן עס מוז אויך ווידער אַרויסוואַקסן דער דיאָניזישער צושטאַנד. איך זאָג אָן אַ טראַגישע תקופה: די העכסטע קונסט אין יאָ־זאָגן צום לעבן, די טראַגעדיע, וועט ווידער געבוירן ווערן, ווען די מענטשהייט וועט האָבן הינטער זיך דאָס באַוווּסטזיין פון די האַרבסטע, אָבער נויטווענדיקסטע מלחמות, נישט ליידנדיק פון דעם...
אַ פּסיכאָלאָג וואָלט נאָך געמעגט מוסיף זיין, אַז דאָס, וואָס איך האָב אין די יונגע יאָרן געהערט ביי וואַגנערישער מוזיק, האָט גאָרנישט בכלל געהאַט צו טון מיט וואַגנערן; אַז ווען איך האָב באַשריבן די דיאָניזישע מוזיק, האָב איך באַשריבן דאָס, וואָס איך האָב געהערט,—אַז איך האָב געמוזט אינסטינקטיוו אַלץ אַריבערטראָגן און איבערגעשטאַלטן אין דעם נייען גייסט, וועלכן איך האָב געטראָגן אין מיר. דער באַווייז דערפאַר, אַזוי שטאַרק ווי נאָר אַ באַווייז קאָן זיין, איז מיין שריפט „וואַגנער אין ביירעט": אין אַלע פּסיכאָלאָגיש אַנטשיידנדיקע ערטער איז נאָר פון מיר די רייד, — מ'קאָן אומבאַדינגט מיין נאָמען אָדער דאָס וואָרט „זאַראַטוסטראַ" אוועקשטעלן, דאָרט ווו אין טעקסט שטייט דאָס וואָרט

וואַגנער. דאָס גאַנצע בילד פֿון דיפיראַמבישן קינסטלער
איז דאָס בילד פֿון דעם פּאָרעקזיסטירנדיקן דיכטער
פֿון זאַראַטוסטראַ, מיט אַפּגרינטיקער טיפֿקייט געצייכנט און אַפֿילו
גאָר קיין רגע נישט באַרירנדיק די וואַגנערישע ווירקלעכקייט.
וואַגנער גופֿא האָט געהאַט וועגן דעם אַ באַגריף; ער האָט זיך
אין דערדאָזיקער שריפֿט נישט צוריק דערקענט. — דאָסגלייכן האָט
זיך „דער געדאַנק פֿון ביירעט" פֿאַרוואַנדלט אין עפּעס, וואָס וועט
פֿאַר די קענער פֿון מיין זאַראַטוסטראַ נישט זיין קיין רעטעניש.
באַגריף: אין יענעם גרויסן מיטאָג, ווען עס הייליקן זיך
די אויסדערוויילטסטע צו דער גרעסטער פֿון אַלע אויפֿגאַבן —
ווער ווייסט? די זעונג פֿון אַ יום־טוב, וואָס איך וועל נאָך איבער־
לעבן... דער פּאַטאָס פֿון די ערשטע זייטן איז וועלט־היסטאָריש;
דער בליק, פֿון וועלכן ס'איז די רייד אויף דער זיבעטער זייט,
איז דער אייגנטלעכער זאַראַטוסטראַ־בליק; וואַגנער, ביירעט, די
גאַנצע קליינע דייטשע נישטיקייט איז אַ וואָלקן, אין וועלכן עס
שפּיגלט זיך אָפּ אַן אומענדלעכע פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ פֿון דער צוקונפֿט.
אַפֿילו פּסיכאָלאָגיש זענען אַלע אַנטשיידנדיקע שטריכן פֿון מיין
אייגענער נאַטור אַריינגעטראָגן אין די נאַטור פֿון וואַגנער —
דאָס געפֿינען זיך נעבנאַנאַנד פֿון די ליכטיקסטע און פֿאַטאַלסטע
כּחות, דער ווילן צו מאַכט, ווי עס האָט אים קיינמאָל נישט אַ
מענטש פֿאַרמאָגט, דער ריקזיכטלאָזער מוט אין גייסטיקע זאַכן,
די אומבאַגרענעצטע קראַפֿט צום לערנען, וואָס דערביי זאָל דער
ווילן צו טאַט נישט צעדריקט ווערן. עס איז אַלץ אין דערדאָזיקער שריפֿט
פֿאָרויסזאָגעריש: די נאָענטקייט פֿון ווידערקום פֿון דעם גריכישן
גייסט, די נויטווענדיקייט פֿון קעגן־אַלעקסאַנדערס, וואָס
זאָלן ווידער צוזאַמענבינדן דעם גאָרדישן קניפּ פֿון דער גריכישער

קולטור, נאָכדעם ווי ער איז איבערגעריסן געוואָרן... געהערט דעם וועלט־היסטאָרישן אַקצענט, מיט וועלכן עס ווערט אויף זייט 30 אַריינגעפּירט דער באַגריף „טראַגישע געזינונג“: עס זענען לויטער וועלט־היסטאָרישע אַקצענטן אין דעראָזיקער שריפט. דאָס איז די אויסטערלישסטע „אָביעקטיוויטעט“, וואָס קאָן זיין פאַראַן: די אַבסאָלוטע זיכערקייט בנוגע דעם, וואָס איך  ב י ן, האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אויף עפּעס אַ צופעליקע ווירקלעכקייט — דער אמת וועגן מיר האָט גערעדט פון אַ גרויליקער טיפקייט אַרויס. אויף זייט 71 ווערט מיט אַ שאַרפער זיכערקייט דער סטיל פון זאַראַטוסטראַ באַשריבן און פאָרויסגעזען; און קיינמאָל נישט וועט מען אַ גרויסאַרטיקערן אויסדרוק געפינען פאַר דעם  ג ע ש ע ע נ י ש  זאַראַטוסטראַ, דעם אַקט פון אַן אומגעהויערער רייניקונג און היליקונג פון דער מענטשהייט, ווי ער געפינט זיך אויף די זייטן 43—46. —

**די נישטצייטמעסיקע באַטראַכטונגען.** די פיר  נ י ש ט־צ י י ט מ ע ס י ק ע  ב אַ ט ר אַ כ ט ו נ ג ע ן  זענען דורכויס קריגע־ריש. זיי באַווייזן, אַז איך בין נישט געווען קיין „פאַרחלומטער שמעיה“, אַז איך האָב אַ הנאה צו פעכטן מיט דער שווערט, — אפשר אויך, אַז איך האָב אַ געפערלעך געשיקטן האַנט־געלענק. דער  ע ר ש ט ע ר  אָנגריף (1873) איז געווען קעגן דער דייטשער קולטור, אויף וועלכער איך האָב דאַמאָלס שוין געקוקט פון אויבן אַראָפּ מיט אומרחמנותדיקער פאַראַכטונג. אָן זין, אָן אינהאַלט, אָן ציל: אַ בלויזע „עפנטלעכע מיינונג“. נישטאָ קיין ערגער מיס־פאַרשטענדעניש, ווי צו גלייבן, אַז דער גרויסער וואָפן־דערפאָלג פון די דייטשן באַווייזט עפּעס לטובת דעראָזיקער קולטור — אָדער

גאָר זייער זיך איבער פראַנקרייך... די צווייטע נישטצייט־
מעסיקע באַטראַכטונג (1874) אַנטפּלעקט דאָס געפערלעכע, דאָס
לעבן פאַרצערנדיקע און פאַרסמנדיקע אין אונזער שטייגער פון
וויסנשאַפט־טעטיקייט — דאָס לעבן קראַנק מחמת אָט דעם
אַנטמענטשלעכטן געווערק און מעכאַניזם, מחמת דער „אומפּער־
זענלעכקייט" פון אַרבעטער, מחמת דער פאַלשער עקאָנאָמיע פון
דער „אַרבעט־צעטיילונג". דער צוועק גייט פאַרלוירן, די קולטור:—
דאָס מיטל, די מאָדערנע וויסנשאַפט־טעטיקייט, באַרבאַרי־
זירט... אין דערדאָזיקער אָפּהאַנדלונג איז דער „היסטאָרישער
זין", מיט וועלכן אונזער תקופה שטאָלצירט, געוואָרן דערקענט
אַלס קראַנקהייט, אַלס טיפּישער סימן פון ירידה. — אין דער
דריטער און פערטער נישטצייטמעסיקע באַטראַכטונגען
ווערן, ווי אָנווייזונגען צו אַ העכערן באַגריף פון קולטור,
צום צוריק־אומקערן פון באַגריף „קולטור", אויפגעשטעלט דער־
קייגן צוויי בילדער פון שטרענגסטער איינגליבע, איינג־
דיסציפּלין, נישטצייטמעסיקע טיפּן PAR EXCELLENCE, פול
מיט קעניגלעכער פאַראַכטונג קעגן אַלץ, וואָס אַרום זיי האָט געהייסן
„אימפּעריע", „קולטור", „קריסטנטום", „ביסמאַרק", „דערפאָלג",—
שאָפּענהויער און וואַגנער אָדער, מיט איין וואָרט, ניטשע...

2. פון דידאַקטיקע פיר אַטענטאַטן האָט דער ערשטער געהאַט
אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. דער טומל, וועלכן ער האָט
אַרויסגערופן, איז געווען אין יעדן זין פּראַכטפול. איך האָב אָנ־
גערירט אַ זיגעריש פאָלק אין זיינס אַ פאַרוווּנדעט אָרט, — אַז
זיין זיג איז נישט אַ קולטור־געשעעניש, נאָר אפשר, אפשר עפּעס
גאַנץ אַנדערס... דער ענטפער איז געקומען פון אַלע זייטן אונז

לגמרי נישט בלויז פון די אַלטע פריינט פון דאַוויד שטראַוסן,
וועלכן איך האָב לעכערלעך געמאַכט אַלס אַ טיפּ פון אַ דייטשן
בילדונגספיליסטער און SATISFAIT, מיט איין וואָרט, אַלס מחבר פון
זיין בירשענק־וואַנגעליע פון „אַלטן און נייעם גלויבן" (— דאָס וואָרט
בילדונגספיליסטער איז פון מיין בוך אריבערגעגאַנגען אין די
שפּראַך). דיאָדאָזיקע אַלטע פריינט, וועלכע איך האָב טיף פאַר־
וווּנדעט אַלס ווירטעמבערגער און שוואָבן, בעת איך האָב זייער
וווּנדער־בריאה, זייער שטראַוסן, געפונען פאַר קאָמיש, האָבן
געענטפערט אַזוי בראַוו און גראָב, ווי איך האָב מיר נאָר געקאָנט
ווינטשן; די פרייסישע ענטפערס זענען געווען קלוגער, — זיי האָבן
געהאַט אין זיך מער „בערלינער בלוי". דאָס מיאוסטע האָט
געטון אַ לייפּציקער בלאַט, די שם־דבר־דיקע „GRENZBOTEN";
עס האָט מיך געקאָסט פיל מי פון שריט אָפּצוהאַלטן די דער־
צערנטע באַזעלער. אומבאַדינגט אַנטשידן האָבן זיך פאַר מיר
נאָר אייניקע אַלטע הערן, צוליב פאַרשידענע און טיילמאָל נישט־
דערקלערבאַרע טעמים. דערצווישן עוואַלד אין געטינגען, וועלכער
האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיין אַטענטאַט איז געווען דער
טויט־קלאַפּ פאַר שטראַוסן. דאָסגלייכן דער אַלטער העגעליאַנער
ברונאָ באַוער, אין וועלכן איך האָב פון דאַן אָן געהאַט איינעם
פון מיינע אויפמערקזאַמסטע לייענער. ער האָט ליב געהאַט, אין
זיינע לעצטע יאָרן, דעם דייטשן היסטאָריאָגראַף הער טרייטש־
קע למשל אויף מיר אָנצווייזן, מרמז צו זיין, ביי וועמען ער קאָן
שעפּן ידיעות וועגן דעם באַגריף „קולטור", וועלכער איז אים
פאַרלוירן געגאַנגען. דאָס טיפסטע, אויך דאָס מייסטע איבער
דערדאָזיקער שריפט און איר מחבר איז געזאָגט געוואָרן פון אַן
אַלטן תלמיד פון פילאָזאָף באַאַדער, אַ פּראָפעסאָר האָפמאַן אין

ווירצבורג. ער האָט פון דערדאָזיקער שריפט פאָרויסגעזען פאַר מיר אַ גרויסע באַשטימונג, — צו ברענגען אַ מין קריזיס און העכסטע אַנטשיידונג אין דער פראַגע פון אַטעיזם; ער האָט אין מיר דערשפּירט דעם אינסטינקטיווסטן און שאַרפסטן טיף פון אַן אַטעיסט. דער אַטעיזם איז געווען דאָס, וואָס האָט מיך געבראַכט צו שאָפּענהויערן. — גאָר צום בעסטן געהערט, נאָר צום בי־טערסטן עמפּונדן זענען געוואָרן די אויסערגעוויינלעך שטאַרקע און מוטיקע פאַרטיידיקונגס־רייד פונם געוויינלעך אַזוי מילדן קאַרל הילעבראַנד, אָט דעם לעצטן הומאַנישן דייטש, וועלכער האָט געקאָנט פירן מיט דער פעדער. זיין אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין דער "AUGSBURGER ZEITUNG„; היינט קאָן מען אים לייענען, אין אַ ביסל אַ פאָרזיכטיקערער פאָרם, אין זיינע געזאַמלטע שריפטן. דאָרט איז מיין שריפט געווען פאָר־געשטעלט אַלס געשעעניש, אַלס ווענדפּונקט, אַלס ערשטע זעלבסט־באַזינונג, אַלס גאָר גוטער סימן, ווי אַן אמתער צוריקקער פון דייטשן ערנסט און דער דייטשער ליידנשאַפט אין גייסטיקע ענינים. הילעבראַנד איז געווען פול מיט שטאַרקע לויב־אויסדריקן פאַר די פאָרם פון דערדאָזיקער שריפט, פאַר איר רייפן געשמאַק, פאַר איר פולקומענעם טאַקט אין דעם אונטערשיידן פון פערזאָן און זאַך: ער האָט זי געלויבט אַלס די בעסטע פּאָלעמישע שריפט אין דייטש געשריבן, — אין דער גראָד פאַר די דייטשן אַזוי געפער־לעכער, אַזוי נישט־ראָטבאַרער קונסט פון פּאָלעמיק. אומבאַדינגט יאָזאָגנדיק, פאַרשאַרפנדיק מיך אפילו אין דעם, וואָס איך האָב געוואַגט צו זאָגן וועגן דער שפּראַך־פאַרדאַרבונג אין דייטשלאַנד (— היינט מאַכן זיי דעם אָנשטעל פון פּוריסטן און קאָנען נישט מער קיין זאַץ בויען —), מיט דערזעלבער פאַראַכטונג צו די „ער־

שטע שריפטשטעלער" פון דעמדאָזיקן פאָלק, האָט ער דערמיט פאַרענדיקט, וואָס ער האָט אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פאַר מיין מ ו ט — יענעם „העכסטן מוט, וועלכער ברענגט גראָד די ליבלינגען פון אַ פאָלק אויף די באַשולדיקונגס־באַנק"... די שפּע־טערדיקע פּעולה פון דערדאָזיקער שריפט איז פּשוט נישט אָפּצו־שאַצן איז מיין לעבן. עס האָט קיינער ביז היינט נישט געפּ־ווּט מיך פאַרטשעפּען. מ'שווייגט, מ'באַהאַנדלט מיך אין דייטשלאַנד מיט אַ פינסטערער פאָרזיכטיקייט: איך האָב מיך פון יאָרן־לאַנג באַנוּצט מיט אַן אומבאַדינגטער פרייהייט פון וואָרט, צו וועלכער עס האָט היינט קיינער נישט, צום ווייניקסטן אין דער „אימ־פּעריע", גענוג פריי די ה אַ נ ט... מיין גן־עדן איז „אונטער דעם שאָטן פון מיין שווערט"... אין גרונט האָב איך אָנגעווענדט סטענדהאַלס אַ מאַקסימע: ער ראָט, מ'זאָל דעם אַריינטריט אין דער געזעלשאַפט מאַכן מיט אַ ד ו ע ל. און וואָס פאַר אַ קעגנער איך האָב מיר אויסגעקליבן! דעם ערשטן דייטשן פריידענקער!... באמת, אַ גאַנץ נ י י ע ר מין פון פריידענקעריי איז דערמיט געקו־מען צום ערשטן אויסדרוק: ביז היינט איז מיר קיין זאַך נישט פרעמדער און אומפאַרוואַנדטער, ווי די גאַנצע אייראָפּעישע און אַמעריקאַנישע SPECIES פון „LIBRES PENSEURS". מיט זיי פיל איך מיך, ווי מיט אומפאַרבעסערלעכע פלאַכקעפּ און קאָמעדיאַנטן פון דער „מאָדערנער אידעע", אפילו אין אַ טיפערן קעגנזאַץ, ווי מיט וועמען עס איז פון זייערע קעגנער. זיי ווילן אויך, אויף זייער שטייגער, די מענטשהייט „פאַרבעסערן", לויט זייער בילד; זיי וואָלטן דערקלערט אַן אייביקן קריג קעגן דעם, וואָס איך בין, וואָס איך ו ו י ל, אויב זיי וואָלטן עס פאַרשטאַנען, — זיי גלויבן

נאָך אַלע צוזאַמען אין „אידעאַל“... איך בין דער ערשטער
איממאָראַליסט. —

3. אַז די מיט דעם נאָמען שאָפּענהויער און וואַגנער
באַצייכנטע נישטצייטמעסיקע באַטראַכטונגען זאָלן קאָנען דינען
באַזונדערס צום פאַרשטענדעניש אָדער אַפילו גאָר צום אַוועק־
שטעלן פּסיכאָלאָגיש די פּראַגע וועגן אָט די ביידע פאַלן, וואָלט
איך נישט וועלן זאָגן — מיטן אויסנאַם, ווי ריכטיק, פון איינצל־
הייטן. אַזוי למשל ווערט מיט טיפער אינסטינקט־זיכערקייט שוין
דאָ דאָס עלעמענטאַרישע אין וואַגנערס נאַטור ווי א שוישפּילער־
באַגאַבונג דעפינירט, וועלכע ציט אין זיינע מיטלען און כוונות
בלויז אירע אייגענע קאָנסעקווענצן. אין גרונט האָב איך אין די־
דאָזיקע שריפטן מיך געוואָלט מיט עפּעס גאַנץ אַנדערס פאַרנעמען,
ווי מיט פּסיכאָלאָגיע: — אַ פּראָבלעם פון דערציִונג אָן גלייכן,
אַ נייער באַגריף פון זעלבסט־דיסציפּלין, זעלבסט־
פאַרטיידיקונג ביז האַרבקייט, א וועג צו גרויסקייט און צו
וועלט־היסטאָרישע אויפגאַבן האָט געוואָלט באַקומען זיין ערשטן
אויסדרוק. אין אַלגעמיין באַטראַכט, האָב איך אָנגעכאַפּט צוויי
באַרימטע נאָך נישט־פעסטגעשטעלטע טיפּן פאַר די האָר, פונקט
ווי מ'נעמט א געלעגנהייט פאַר די האָר, כדי עפּעס אויסצודריקן,
כדי אַ פּאָר פאָרמולעס, צייכנס, שפּראַכמיטלען מער אין דער האַנט
צו האָבן. דאָסדאָזיקע איז לסוף מיט אַ פולשטענדיק אומהיימלעך
שאַרפן בליק אָנגעדייט אויף ז. 93 פון דער דריטער נישטצייטמע־
סיקער באַטראַכטונג. אויף אַזאַ אופן האָט זיך פּלאַטאָן באַנוצט
מיט סאָקראַטעס, ווי מיט א סעמיאָטיק פאַר פּלאַטאָן. — איצט־
בערת איך קוק צוריק פון אַ געוויסער דיסטאַנץ אויף יענע צו־

שטאַנדן, ווען וועלכע עס זאָגן עדות דידאָזיקע שריפטן, וואָלט איך נישט וועלן לייקענען, אַז אין תּוך רעדן זיי בלויז וועגן מיר. די שריפט „וואַגנער אין ביירעט“ איז אַ זעונג פון מיין צוקונפט; דערקייגן איז אין „שאָפּענהויער אַלס דערציער“ מיין אינערלעכ־סטע געשיכטע, מיין ווערק איינגעשריבן. פאַר אַלעם מיין פ אַ ר ש פּ ר ע כ ו נ ג!... וואָס איך בין היינט, ווו איך בין היינט — אין אַ הויך, ווו איך רעד נישט מער מיט ווערטער, נאָר מיט בליצן, — אָ, ווי ווייט בין איך דאַמאָלס נאָך דערפון געווען! — אָבער איך האָב געזעען דאָס לאַנד, — איך האָב מיך קיין איין אויגנבליק נישט אָפּגענאַרט בנוגע וועג, ים, געפאַר — און דערפאָלג! די גרויסע רו אין דעם פאַרשפּרעכן, דאָסדאָזיקע גליק־לעכע אַרויסבליקן אין אַ צוקונפט, וועלכע זאָל נישט בלייבן בלויז אַ צוזאָג! — דאָ איז יעדעס וואָרט איבערגעלעבט, טיף, אינערלעך; עס פעלט נישט דאָס שמערצלעכסטע, עס זענען דאָ ווערטער, וואָס זענען פּשוט בלוטיק. אָבער אַ ווינט פון דער ג ר ו י ס ע ר פריי־הייט טראָגט זיך איבער אַלעם אַריבער; אפילו די וווּנד ווירקט נ י ש ט ווי אַ ווידערשפּרוך. ווי־אַזוי איך פאַרשטיי דעם פילאָזאָף, אַלס אַ שרעקלעכן אויפרייס־שטאָף, פאַר וועלכן אַלץ איז אין סכּנה, ווי־אַזוי איך טייל אָפּ מיילן־ווייט מיין באַגריף „פילאָזאָף“ פון אַ באַגריף, וועלכער אַנטהאַלט נאָך אין זיך אַ קאַנט, נישט רעדנדיק גאָר פון די אַקאַדעמישע „מעלדה־גרהס“ און אַנדערע פּראָפעסאָרן פון פילאָזאָפיע: וועגן דעם גיט דידאָזיקע שריפט אַן אומשעצ־באַרע באַלערונג, אויב מיר רעכענען נאָך גאָר, אַז דאָ קומט אין תּוך צום וואָרט נישט „שאָפּענהויער אַלס דערציער“, נאָר זיין קעגנזאַץ, „ניטשע אַלס דערציער“. — ווען מ'זאָל נעמען אין באַטראַכט, וואָס דאַמאָלס איז מיין מלאָכה געווען די מלאָכה

פון אַ געלערנטן, און אפשר אויך, וואָס איך האָב מיין מלאכה פאַרשטאַנען, איז אַ האַרב חלק פסיכאָלאָגיע פון דעם געלערנטן, וואָס אַנטפּלעקט זיך מיטאַמאָל אין דערדאָזיקער שריפט, נישט אָן באַדייט: עס דריקט אויס דאָס דיסטאַנץ־געפיל, די טיפע זיכערקייט וועגן דעם, וואָס ביי מיר קאָן זיין אויפגאַבע, וואָס בלויז מיטל, צווישן־אַקט און נעבנזאַך! דאָס איז מיין קלוגהייט, וואָס איך בין געווען נישט איין זאַך און נישט אין איין אָרט, כדי צו קאָנען ווערן איינס — כדי צו קאָנען קומען צו איינס. איך האָב געמוזט אַ לאַנגע צייט אויך זיין געלערנטער. —

מענטשלעכס, גאַר־מענטשלעכס. מיט צוויי המשכים. „מענטשלעכס, גאַר־מענטשלעכס" איז דאָס דענק־מאָל פון אַ קריזיס. עס רופט זיך אַ בוך פאַר פרייע גייסטער. כמעט יעדער זאַץ דערין דריקט אויס אַ זיג — איך האָב מיך מיט אָט דעם בוך באַפרייט פון דאָס פרעמדע אין מיין נאַטור. פרעמד איז מיר דער אידעאַליזם: דער טיטל זאָגט „וווּ איר זעט אידעאַלע זאַכן, זע איך — מענטשלעכס, אַך, נאָר גאַר־מענטשלעכס"... איך קען דעם מענטש בעסער... אין קיין שום אַנדערן זין זאָל דאָס וואָרט „פרייער גייסט" דאָ פאַרשטאַנען ווערן: אַ פריי־געוואָרענער גייסט, וועלכער האָט זיך גופא צוריק באַקומען אין זיין רשות. דער טאָן, דער קלאַנג פון דער שטים האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדערט: מ'וועט געפינען דאָס בוך פאַר קלוג, קיל, ביי געוויסע אומשטענדן פאַר גרויזאַם און חוזקדיק. אַ געוויסע גייסטיקייט פון פאָרנעמען געשמאַק, דוכט זיך, האַלט זיך כסדר פון אויבן קעגן אַ ליידנשאַפטלעכערן שטראָם אויפן גרונט. אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג האָט עס אַ

זינען, וואָס דאָס דערשיינען פון דעם בוך אין יאָר 1878 געפינט אַזוי ווי אַ באַרעכטיקונג שוין אייגנטלעך צוליב דער הונדערטיע־ריקער יאָרצייט פון וואָלטער. ווייל וואָלטער איז, להיפּך צו יעדן, וואָס האָט נאָך אים געשריבן, אַ GRANDSEIGNEUR פון גייסט: גראָד דאָס, וואָס אויך איך בין עס. — דער נאָמען וואָלטער אויף מיינס אַ ווערק—דאָס איז באמת געווען אַ שריט פאָרויס — צו מיר... קוקט מען זיך גענויער צו, אַנטדעקט מען אַן אומ־רחמנותדיקן גייסט, וועלכער קען אַלע באַהעלטענישן, ווו דער אידע־אַל איז אינדערהיים—ווו ער האט זיינע אונטערערדישע היילן און אַזוי ווי זיין לעצט מקום־מקלט. מיט אַ פאַקל אין די הענט, וועלכער גיט כּלל נישט קיין „פאַקלדיק" ליכט, ווערט מיט אַ שניי־דיקער העלקייט אַריינגעלייכט אין די אונטערערדישע וועלט פונם אידעאַל. עס איז די קריג, אָבער די קריג אָן פולווער און רויך, אָן קריגערישע זשעסטן, אָן פּאַטאָס און אויס־געלענקטע גלידער—דאס אַלץ אפילו וואָלט נאָך געווען „אידעאַליזם". איין טעות נאָך דעם אַנדערן ווערט געלאַסן אַוועקגעלייגט אויף דעם אייז, דער אידעאַל ווערט נישט אָפּגעווענדט—ער ווערט פאַרפרוירן... דאָ למשל ווערט פאַרפרוירן „דער געניע"; אַ שפּאַן ווייטער ווערט פאַרפרוירן „דער הייליקער"; אונטער אַ דיקן אייז־צאַפּן ווערט פאַרפרוירן „דער העלד"; צום סוף ווערט פאַרפרוירן „דער גלויבן", די אַזוי־גערופענע „איבערצייגונג", אויך דאס „רחמנות" ווערט באַדייטנד אָפּגעקילט — כמעט אומע־טום ווערט פאַרפרוירן „די זאַך אין זיך"...

2. די התחלות פון דאזיקן בוך געהערן אין די וואָכן פון די ערשטע פייערונג־אויפשטעלונגען אין ביירעט; אַ טיפע פרעמד־

קייט צו אלץ, וואס האט מיך דאָרט אַרומגערינגעלט, איז איינע פון זיינע אַנטשטייונגס־באַדינגונגען. ווער עס האט אַ באַגריף, וואס פאַר אַ צווונגען עס זענען מיר שוין דאַמאָלס געלאָפן איבערן וועג, דער קאָן משער זיין, ווי איך האָב מיך געפילט, בעת איך האב מיטאַמאָל דערוואַכט אין ביירעט. אינגאַנצן ווי איך וואָלט געחלומט... ווו בין איך? איך האב דאס געוועזן? איך האב גאַרנישט צוריק דערקענט, איך האָב קוים וואַגנערן צוריק דערקענט. אומזיסט האָב איך געבלעטערט אין מיינע זכרונות. טריבשן — אַ ווייט אינזל פון די גליקזעליקע: קיין שאָטן פון ענלעכקייט. די אומ־פאַרגלייכלעכע טעג פון לייגן דעם גרונטשטיין, די קליינע געפאַסטע געזעלשאַפט, וואס האט דאס געפייערט און וועל־כער מ'האט נישט באַדאַרפט ערשט ווינטשן פינגער פאַר צאַרטע זאַכן: קיין שאָטן פון ענלעכקייט. וואס איז געשען? — מ'האט וואַגנערן איבערגעזעצט אין דייטש! דער וואַגנעריאַנער איז געוואָרן האַר איבער וואַגנערן! — די דייטשע קונסט! דער דייטשער מייסטער! דאס דייטשע ביר!... מיר אַנדערע, וואס מיר ווייסן נאָר צו גוט, צו וואָסאַרע ראַפינירטע קינסטלער, צו וועלכן קאָסמאָפּאָליטישן געשמאַק וואַגנערס קונסט רעדט איינ־ציק, זענען געווען אויסער זיך, ווען מיר האָבן געפונען וואַגנערן באַהאָנגען מיט דייטשע „טוגנטן". — איך מיין, איך קען דעם וואַגנעריאַנער, איך האב דריי דורות „איבערגעלעבט", פון דעם פאַרשטאָרבענעם ברענדעל אָן, וועלכער האָט וואַגנערן פאַרביטן מיט העגעל, ביז צו די „אידעאַליסטן" פון די BAYREUTHER BLAETTER, וועלכע האבן וואַגנערן פאַרביטן מיט זיך גופא, — איך האָב געהערט אַלערליי ווידויס פון „שיינע נשמות" וועגן וואַגנער. אַ מלכות פאַר אַ קלוג ווארט! באמת, אַ געזעלשאַפט,

אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער! נאָל, פּאָל, קאָל מיט חן IN INFINITUM! קיין שום פּאַרזעעניש פעלט נישט דאָרט, אפילו נישט דער אַנטיסעמיט. — דער אָרימער וואַגנער! וווּאַהין איז ער אַריינגעפאַלן! וואָלט ער כאָטש צווישן חזירים אַריינגעקראָכן! אָבער צווישן דייטשן!.. לסוף וואָלט מען באַדאַרפט, פאַר אַ לערע פאַר די קומענדיקע דורות, אויסשטאָפּן אַן עכטן ביירעטער, נאָך בעסער אין שפּירט אַריינשטעלן, ווייל עס פעלט דאָרט SPIRITUS, — מיט דער איבערשריפט: אַזוי האָט אויסגעזען דער „גייסט“, אויף וועלכן מ'האָט געגרינדעט די „אימפּעריע“... גענוג, איך האָב מיטאַמאָל אָפּגערייזט אויף עטלעכע וואָכן, זייער פלוצלינג, טראָצדעם וואָס אַ צויבערהאַפטע פּאַריזערין האָט מיך געפּרוּווט צו טרייסטן; איך האָב מיך אַנטשולדיקט בלויז פאַר וואַגנערן מיט אַ פּאַטאַליסטישער טעלעגראַם. אין אַן אָרט, וואָס ליגט טיף אין די טשעכישע וועלדער פאַרבאָרגן, קלינגברון, האָב איך מיך אַרומגעטראָגן מיט מיין מרה=שחורה און פאַראַכ=טונג צו די דייטשן ווי מיט אַ קראַנקהייט, — און האָב פון צייט צו צייט, אונטער דעם אַלגעמיינעם טיטל „דאָס אַקעראייזן“, אַריינגעשריבן אַ זאַץ אין מיין טאַשנבוך, לויטער האַרבע PSYCHOLOGICA, וועלכע מ'קאָן נאָך אפשר געפינען אין „מענטשלעכס, גאָר=מענעשלעכס“.

3. דאָס, וואָס עס האָט זיך דאַמאָלס אין מיר אַנטשידן, איז געווען נישט למשל אַ שיידן זיך מיט וואַגנער — איך האָב גע=פילט אַן אַלגעמיינע פאַרבלאָנדזשעטקייט פון מיין אינסטינקט, וואָס אירס אַן איינצעלנער טעות, זאָל ער הייסן וואַגנער אָדער באַזעלער פּראָפעסור, איז נאָר געווען אַ סימן. אַן אומגעדולד

איז מיך באַפאַלן צו מיר; איך האָב איינגעזען, אַז עס איז געווען
די העכסטע צייט זיך אויף מ י ר צוריקצובאַזינען. מיט איין
מאָל איז מיר געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן אופן קלאָר, וויפיל צייט
עס איז שוין פאַרשווענדט, — ווי נוצלאָז, ווי הפקר מיין לעבן
אַלס פילאָלאָג זעט אויס לגבי מיין אויפגאַבע. איך האָב מיך
געשעמט מיט דערדאָזיקער פ אַ ל ש ע ר באַשיידנקייט... צען יאָר
הינטער מיר, ווו עס האָט זיך אינגאַנצן געהאַט אייגנטלעך
אָפּגעשטעלט ביי מיר די ד ע ר נ ע ר ו נ ג פון גייסט, ווו איך
האָב נישט צוגעלערנט קיין שום ניצלעכע זאַך, ווו איך האָב
אומזיניק פיל פאַרגעסן צוליב אַ קופּע פון פאַרשטויבטער געלערנט-
קייט. ביי שלעכטע אויגן מיט פּינקטלעכקייט אַדורכקריכן אַלטער-
טימלעכע מעטריקער — אָט צו וואָס איך בין דערגאַנגען! — איך
האָב מיט רחמנות געזען מיך אינגאַנצן אַ מאָגערן, אינגאַנצן אַ
פאַרהונגערטן: די ר ע אַ ל י ט ע ט ן האָבן גראָד געפעלט אין
מיין וויסן, און די „אידעאַליטעטן" האָבן געטויגט אויף כּפּרות!—
עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט איינפאַך אַ ברענענדיקער דורשט. פון
דאַמאָלס אָן האָב איך מיך באמת מער מיט קיין שום זאַך
נישט באַשעפטיקט, ווי מיט פיזיאָלאָגיע, מעדיצין און נאַטור-וויסנ-
שאַפטן, — אפילו צו אייגנטלעכע היסטאָרישע שטודיען האָב
איך מיך ערשט צוריק אומגעקערט, ווען די א ו י פ ג אַ ב ע האָט
מיך געביטעריש דערצו געצוואונגען. דאַמאָלס בין איך אויך צו-
ערשט דערגאַנגען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן אַ טעטיקייט, קעגן
אינסטינקט געווײלט, אַן אַזוי-גערופענעם „באַרוף", צו וועלכן
מ'איז צ ו ם ו ו י נ צ י ק ס ט ן באַרופן — און יענעם באַדערפע-
ניש צו פ אַ ר ט ו י ב ן דאָס געפיל פון לעערקייט און הונגער מיט
נאַרקאָטישער קונסט — למשל מיט דער וואַגנערישער קונסט. ביי

אַ פֿאַרזיכטיקער אומקוקן זיך האָב איך אַנטדעקט, אַז אַ גרויסע צאָל יונגע מענטשן ליידן פֿון דערזעלבער צרה: איין אומנאַטיר־לעכקייט איז מ י ט כ ח ג ו ר ם גענוי אַ צווייטע. אין דייטשלאַנד, אין דער „אימפּעריע", כּדי צו רעדן נישט־צווייִדייטיק, זענען טאַקי גאָר אַ סך פֿאַרמשפּט פּריצייטיק צו אַנטשיידן און דאַן, אונ־טער אַ לאַסט, וואָס איז געוואָרן נישט צום אַראָפּוואַרפֿן, צו פּ אַ ר־ד אַ ר ן... אָט דידאָזיקע ברויכן וואַגנער, ווי אַן אָ פּ י אַ ט, — זיי פֿאַרגעסן זיך, זיי באַפֿרייען זיך פֿון זיך אַ רגע... וואָס זאָג איך! פֿ י נ ף ב י ז ז ע ק ס ש ע ה! —

4. דאַמאָלס האָט מיין אינסטינקט זיך פֿעסט אַנטשידן קעגן אַ נאָך־לענגער־נאָכגעבן, מיטגיין, זיך־אַליין־פֿאַרבייטן. יעדער שטייגער לעבן, די אומגינסטיקסטע באַדינגונגען, קראַנקהייט, דלות,—אַלץ האָט זיך מיר אויסגעזען פֿאַר בעסער פֿון יענער נישטיקער „אומעגאָיסטישקייט", אין וועלכער איך בין צוערשט אַריינגעפֿאַלן צוליב אומוויסנהייט, צוליב י ו נ ג ט ל ע כ ק י י ט, אין וועלכער איך בין שפּעטער געבליבן הענגען צוליב פֿוילקייט, צוליב דעם אַזוי־גערופֿענעם „פֿליכט־געפֿיל". דאָ איז מיר צו־הילף געקומען אויף אַן אופֿן, וואָס איך קאָן נישט גענוג באַ־וווּנדערן, און גראָד אין דער ריכטיקער צייט די ש ל ע כ ט ע ירושה מצד מיין פֿאָטער, — אין גרונט אַ פֿאָרבאַשטימונג צו אַ יונגן טויט. די קראַנקהייט האָט מיך ל אַ נ ג ז אַ ם א ו י ס ג ע־ל י י ז ט: זי האָט מיר איינגעשפּאָרט יעדעס איבעררייסן, יעדן געוואַלטיקן און אומפּאַסיקן שריט. איך האָב דאַמאָלס נישט פֿאַר־לוירן קיינעמס גונסט און האָב נאָך געוווּנען אַ סך. די קראַנקהייט האָט מיר געגעבן אויך אַ רעכט צו אַ פֿולשטענדיקער אומבייטונג

פון אַלע מײַנע געוווינהייטן; זי האָט מיר דערלויבט, זי האָט מיר געבאָטן פאַרגעסן; זי האָט מיך באַשענקט מיט דעם צוואַנג שטיל צו ליגן, פריי צו זיין, וואַרטן, געדולדיק זיין... אָבער דאָס הייסט דאָך דענקען!... מײַנע אויגן אײַנציק האָבן געמאַכט אַ סוף צו יעדער ביכער־פרעסעריי, אויף אונזער לשון פילאָלאָגיע: איך בין געווען דערלייזט פון „בוך“, איך האָב יאָרן־לאַנג גאָרנישט געלעזן — די גרעסטע װאָלטאַט, וואָס איך האָב מיר אַמאָל געטון! — יענער טיפסטער איך, אַזויווי פאַרשיט, אַזויווי שטיל געוואָרן אונטער אַ כסדרדיק מוזן הערן צו אַנדערע איכן (— און דאָס הייסט דאָך לייענען!) האָט דערוואַכט פּאַמעלעך, אומדרייסט, צווייפלהאַפט — אָבער ענד־לעך האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו רעדן. קיינ־מאָל נישט האָב איך אַזוי פיל גליק אין מיר געהאַט, ווי אין די קראַנקסטע און יסורים־פולסטע צייטן פון מיין לעבן; מ׳דאַרף נאָר אַ קוק טון אויף דעם „מאָרגנרויט“ אָדער גאָר אויף דעם „וואַנ־דערער און זיין שאָטן“, כדי צו באַגרייפן, וואָס דערדאָזיקער „צו־ריקקער צו מיר“ איז געווען: אַ העכסטער מין געזונט־ווערן אַליין!... דאָס אַנדערע איז געווען בלויז אַ פועל־יוצא דערפון. —

5. מענטשלעכס, גאָר־מענטשלעכס, דאָסדאָזיקע דענקמאָל פון אַ שטרענגער זעלבסט־דיסציפּלין, אַ דאַנק וועלכער עס איז געקומען ביי מיר אַ פּלוצלינגער סוף צו יעדן פאַרשלעפּטן „העכערן שווינדל“, „אידעאַליזם“, „שיינעם געפיל“ און אַנדע־רע ווייבלעכקייטן, איז אין אַלע זיינע עצם־זאַכן אָנגעשריבן געוואָרן אין סאָררענט; זיין פאַרענדיקונג, זיין אַנטגילטיקע פאָרם האָט עס באַקומען בערך אַ ווינטער אין באַזעל, ביי אומפאַרגלייכלעך

אומגינסטיקערע פאַרהעלטענישן, ווי אין סאָררענט. אין גרונט האָט דאָס בוך אויפן געוויסן דער פּעטער גאַסט, דאַמאָלס אַ סטודענט פון באַזעלער אוניווערסיטעט און מיר זייער געניגט. איך האָב דיקטירט מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ און יסורים, ער האָט געשריבן, ער האָט אויך קאָריגירט, — ער איז געווען אין גרונט דער אייגנטלעכער שריפטשטעלער, בעת איך בין געווען בלויז דער מחבר. ווען דאָס בוך איז מיר ענדלעך געקומען אין די הענט אַריין — צו דער פאַרוווּנדערונג פון אַ שווער־קראַנקן, — האָב איך געשיקט, צווישן אַנדערע, אויך קיין ביירעט צוויי עקזעמ־פּליאַרן. דורך אַ וווּנדער פון זין, וואָס איז געלעגן אין דעם צופאַל, איז צו דערזעלבער צייט צו מיר אָנגעקומען אַ שיינער עקזעמפּליאַר פון פאַרסיפאַל־טעקסט, מיט וואַגנערס ווידמונג פאַר מיר „זיין טייערן פריינט פרידריך ניטשע, ריכאַרד וואַגנער, קירכן־ראַט".— דאָסדאָזיקע קרייצן זיך פון די צוויי ביכער — מיר האָט זיך גע־דוכט, ווי כ'וואָלט דערביי געהערט אַ טאָן פון אַ בייזער בשורה. צי האָט עס נישט געקלונגען, גלייך ווי שווערטן וואָלטן זיך געקרייצט?... יעדנפאַלס האָבן מיר ביידע אַזוי עס עמפּפונדן: ווייל מיר האָבן ביידע געשוויגן. — צו יענער צייט זענען דערשינען די ערשטע BAYREUTHER BLAETTER: איך האָב באַגריפן, צו וואָס עס איז געווען די העכסטע צייט.—אומגלויבלעך! וואַגנער איז געוואָרן פרום...

6. וויאַזוי איך האָב דאַמאָלס (1876) געטראַכט איבער מיר, מיט וועלכער אומגעהויערער זיכערקייט איך האָב געהאַלטן אין דער האַנט מיין אויפגאַבע און דאָס וועלטהיסטאָרישע אין איר, וועגן דעם זאָגט עדות דאָס גאַנצע בוך, פאַר אַלעם אָבער

אַ זייער אויסדריקלעך אָרט: נאָך וואס אויך דאָ האָב איך, מיט דער
בײַ מיר אינסטינקטיווער ערמדה, ווידער אויסגעמיטן דאס ווער=
טעלע „איך" און דאס מאָל האָב איך נישט שאָפּענהויער אָדער
וואַגנער, נאָר איינעם פון מיינע פריינט, דעם אויסגעצייכנטן
ד"ר פּאַול רע, מיט אַ וועלטהיסטאָרישן רום באַשטראַלט —
צום גליק אַ צו פיינע חיה, אַז... אַ נ ד ע ר ע זענען געווען ווייניקער
פיין: איך האָב די האָפנונגלאָזע צווישן מיינע לייענער, למשל
דעם טיפּישן דייטשן פּראָפעסאָר, אין דעם דערקענט, וואס אויפן
סמך פון דערדאָזיקער שטעל האָבן זיי געמיינט, אַז דאס גאַנצע
בוך דאַרף מען באַטראַכטן ווי העכערן רע=אַליזם... אין דער
אמתן האָט עס אנטהאַלטן אין זיך די אָפּווענדונג פון פינף, זעקס
טעזן פון מיין פריינט: מען מעג וועגן דעם איבערלייענען די פּאָר=
רעדע צו דער „גענעאַלאָגיע פון דער מאָראַל". — דאסדאָזיקע אָרט
זאָגט: וועלכעס איז די הויפּט=הנחה, וואס צו איר איז געקומען
איינער פון די אומדערשראָקנסטע און קאַלטסטע דענקער, דער
מחבר פון דעם בוך „וועגן מקור פון די מאָראַלישע עמפּינדונגען"
(LISEZ: ניטשע, דער ערשטער א י מ מ אָ ר אַ ל י ס ט) אַ דאַנק
זיינע שאַרפע און דורכדרינגנדע אַנאַליזן פון דעם מענטשנס
האַנדלען? „דער מאָראַלישער מענטש שטייט נישט נענטער צו
דער שכל=וועלט ווי דער פיזישער מענטש — וו י י ל עס איז
לחלוטין נישטאָ קיין שכל=וועלט..." דידאָזיקע הנחה, האַרט און
שניידיק געוואָרן אונטער די האַמער=קלעפּ פון דער היסטאָרישער
דערקענטניש (LISEZ: א י ב ע ר ש אַ צ ו נ ג פ ו ן אַ ל ע ו ו ע ר ט ן),
קאָן אפשר אַמאָל, אין דער צוקונפט — 1890! — דינען פאַר אַ האַק,
וועלכע וועט אויסראָטן דאס „מעטאַפיזישע באַדערפעניש" פון דער
מענטשהייט, — צי מער ווי אַ ברכה אָדער אַ קללה פאַר די

מענטשהייט, ווער וואָלט דאס געקאָנט זאָגן? אָבער יעדנפאַלס ווי
אַ הנחה מיט די באַדייטנדסטע פאָלגן, פרוכטבאַר און שרעקלעך
צוגלייך און מיט יענעם ד אָ פ ל ט ־ ב ל י ק אין די וועלט קוקנ־
דיק, וועלכע עס האָבן אַלע גרויסע דערקענטנישן...

**מאַרגנרויט. געדאַנקען וועגן דער מאַראַל ווי א פאַראורטייל.** מיט דעם דאָזיקן בוך הייבט זיך אָן מיין קריגס־
מאַרש קעגן דער מ אָ ר אַ ל. נישט אַז עס זאָל האָבן דעם מינ־
דעסטן ריח פון פולווער:—מ'וועט גאַנץ אַנדערע און פיל אָנגענעמערע
ריחות דערשפירן, וויבאַלד מ'פאַרמאָגט אַ געוויסע פיינקייט
אין די נאָזלעכער. נישט קיין שווערע, נישט אפילו קיין לייכטע
אַרטילעריע: אויב די ווירקונג פון בוך איז אַ נעגאַטיווע, זענען דאָס
זיינע מיטלען נאָך ווייניקער, די דאָזיקע מיטלען, וואס די ווירקונג
קומט פון זיי ווי אַ שלוס, נישט ווי אַ האַרמאַטן־שאָס. דאס, וואס
מ'שיידט זיך פון דעם בוך מיט אַ שרעקעוודיקער פאָרזיכטיקייט
לגבי אַלץ, וואס איז ביז היינט אונטער דעם נאָמען מאָראַל צו
אָנזען געקומען און אפילו צו פאַרגעטערונג, איז נישט אין סתירה
דערמיט, וואס אין גאַנצן בוך געפינט זיך נישט קיין נעגאַטיוו
וואָרט, קיין אָנגריף, קיין בייזקייט,—וואס עס ליגט גיכער אויף דער
זון, רונדיק, גליקלעך, גלייך צו אַ ים־חיה. לסוף בין איך
דאָס אַליין געווען, דידאָזיקע ים־חיה: כמעט יעדער זאַץ פון
בוך איז אויסגעדאַכט, אַ ר ו י ס ג ע פ אַ נ ג ע ן אין יענעם פעלזן־
כאַאָס נאָענט ביי גענואַ, ווו איך בין געווען אַליין און האָב אפילו
מיטן ים געהאַט סודות. נאָך היינט, אַז איך ריר מיך צופעליק צו
צום דאָזיקן בוך, ווערט מיר כמעט יעדער זאַץ אַ ציפל, מיט
וועלכן איך צי ווידער אַרויס עפעס אומפאַרגלייכלעכס פון דער

טיף: די גאַנצע הויט זיינע ציטערט פון צאַרטע דערינערונג־שוי־
דערס. די קונסט, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס, איז נישט
קליין דערין, וואס זאַכן, וועלכע שלייכן פאַרביי לייכט און אָן גע־
רויש, רגעס, וועלכע איך רוף אָן געטלעכע עקדישן, פאַרפעסטיקט
זי אַ ביסל — נישט צום ביישפּיל מיט דער גרויזאַמקייט פון יע־
נעם גריכישן גאָט, וועלכער האָט דאס אָרימע עקדישל פשוט
אַדורכגעשפּיזט, אָבער דאָך מיט עפּעס שפּיציקס, מיט דער פעדער...
„עס זענען דאָ אַזויפיל מאָרגנרויטס, וועלכע האָבן נאָך נישט
געלייכט" — דידאָזיקע אינדישע אויפשריפט שטייט אויף
דער טיר צום דאָזיקן בוך. ווו זוכט זיין שעפער יענעם נייען
מאָרגן, יענץ ביז איצט נאָך אומאַנטדעקטע צאַרטע רויט, מיט
וועלכן אַ נייער טאָג — אָ, אַ גאַנצע ריי, אַ גאַנצע וועלט פון נייע
טעג! — הייבט זיך ווידער אָן? אין אַן איבערשאַצונג
פון אַלע ווערטן, אין אַ באַפרייען זיך פון אַלע מאָראַלישע
ווערטן, אין אַ יאָ־זאָגן און האָבן פאַרטרויען צו אַלץ, וואס איז
ביזאַהער געווען פאַרבאָטן, פאַראַכט, פאַרשאָלטן. דאָסדאָזיקע יאָ־
זאָגנדיקע בוך שטראַלט אויס זיין ליכט, זיין ליבע, זיין
צערטלעכקייט אויף בלויז שלעכטע זאַכן, עס שענקט זיי ווידער
צוריק „די נשמה", דאָס ריינע געוויסן, דאָס הויכע רעכט און
פאָררעכט אויף לעבן. די מאָראַל ווערט נישט אָנגעגריפן, זי
קומט נאָר מער נישט אין באַטראַכט... דאָסדאָזיקע בוך ענדיקט
מיט אַן „אָדער?", — עס איז דאָס איינציקע בוך, וועלכעס ענדיקט
מיט אַן „אָדער?"...

2. מיין אויפגאַבע צוצוגרייטן אַן אויגנבליק פון העכסטער
זעלבסטבאַזינונג פון דער מענטשהייט, אַ גרויסע מיטאָג־צייט,

ווען זי וועט בליקן צוריק און בליקן פאָרויס, ווען זי וועט זיך
באַפרייען פון אונטער דער הערשאַפט פון צופאַל און די פריסטער
און וועט צום ערשטן מאָל שטעלן אַלס גאַנצעס די פראַגע:
פאַרוואָס? צוואָס? — דידאָזיקע אויפגאַבע דרינגט אַרויס מיט נויט־
ווענדיקייט פון דעם איינזען, אַז די מענטשהייט איז נישט פון
זיך גופא אויף דעם רעכטן וועג, אַז זי ווערט דורכויס נישט
געטלעך געפירט, אַז גיכער האָט גראָד אונטער אירע הייליקסטע
ווערט־באַגריפן פאַרפירעריש געהערשט דער אינסטינקט פון
פאַרניינונג, פאַרדאַרבונג, דער אינסטינקט פון דעקאַדאַנס. די פראַ־
גע מכח דעם מקור פון די מאָראַלישע ווערטן איז דערפאַר פאַר
מיר אַ פראַגע פון ערשטער ראַנג, ווייל פון איר הענגט אָפּ
די צוקונפט פון דער מענטשהייט. די פאָדערונג, מ'זאָל גלויבן,
אַז אַלץ אין גרונט געפינט זיך אין די בעסטע הענט, אַז אַ בוך,
די ביבל, גיט אַן אַנטגילטיקע באַרויקונג בנוגע דער געטלעכער
פירונג און חכמה אין דעם גורל פון דער מענטשהייט, אָט די
פאָדערונג איז, ווען מיר זעצן זי צוריק איבער אין די שפּראַך פון
ווירקלעכקייט, דער ווילן נישט צו לאָזן אַנטפּלעקן זיך דעם אמת
וועגן דעם באַדויערנסווערטן היפּך דערפון, דאס הייסט, אַז
די מענטשהייט האט זיך ביזאַהער געפונען אין די שלעכטסטע
הענט, אז זי איז געפירט געוואָרן דורך די געליטענע, די
כיטרע־נקמה־דורשטיקע, די אַזוי־גערופענע „הייליקע", דידאָ־
זיקע וועלט־פאַרשוואַרצער און מענטשן־שענדער. דער אַנטשיידנדער
סימן, וועלכער באַווייזט, אַז דער פּריסטער (—אַריינגערעכנט די
פאַרבאָרגענע פּריסטער, די פילאָזאָפן) האָט באַהערשט
נישט נאָר אַ באַשטימטן רעליגיעזן כלל, נאַר אַלץ בכלל, אַז די
דעקאַדאַנס־מאָראַל, דער ווילן צום סוף, גילט ווי די מאָראַל אין

זיך, איז דאָס, וואס אומעטום ווערט דעם עגאָיסטישן צוגעגעבן אַן אומבאַדינגטן ווערט און קעגן דעם עגאָיסטישן הערשט די פּיינטשאַפט. ווער ס'איז אין דעם פּונקט מיט מיר נישט מסכּים, דעם האַלט איך פאַר אָ נ ג ע ש ט ע ק ט ... אָבער די גאַנצע וועלט איז מיט מיר נישט מסכּים... פאַר אַ פיזיאָלאָג לאָזט אַזאַ ווערט־קעגנזאַץ קיין שום צווייפל נישט איבער. ווען דער מינדסטער אָרגאַן אין אָרגאַניזם הערט אויף אפילו אין דער קלענסטער מאָס אַדורכצופירן מיט דער גאַנצער זיכערקייט זיין זעלבסטדערהאַלטונג, זיין קראַפט־צופלוס, זיין „עגאָיזם", ווערט דאס גאַנצע אַנטאַרטעט. דער פיזיאָלאָג פאַרלאַנגט, מ'זאָל אוי ס ש נ י י ד ן די אַנטאַר־טעטע טייל, ער נעגירט יעדע סאָלידאַריטעט מיט דעם אַנטאַרטעטן, ער האָט צום ווייניקסטן מיטלייד דערמיט. אָבער דער פּריסטער ווי ל גראָד די אַנטאַרטונג פון דאס גאַנצע, פון דער מענטשהייט: דעריבער ק אָ נ ס ע ר וו י ר ט ער דאס אַנטאַרטנדיקע — פאַר דעם פּרייז באַהערשט ער זי... וועלכן צוועק האָבן יענע שקר־באַגריפן, די ה י ל פ ס־באַגריפן פון דער מאָראַל, „נשמה", „גייסט", „פריי־ער ווילן", „גאָט", אויב נישט דעם, כּדי די מענטשהייט פיזיאָלאָ־גיש צו רויִנירן?... ווען מ'לענקט אָפּ דעם ערנסט פון דער זעלבסט־דערהאַלטונג, דער קראַפטשטייגערונג פון לייב, ד א ס ה י י ס ט פ ו ן ל ע ב ן, ווען מ'בויט פון דער בלייכזוכט אַן אידעאַל, פון דער פאַראַכטונג צום לייב „דעם תּיקון פון דער נשמה", וואס איז דאס, אויב נישט אַ ר ע צ ע פּ ט צו דעקאַדאַנס? — דאס פאַרלירן אין שווערגעוויכט, דאס אַנטקייגנשטעלן זיך די נאַטיר־לעכע אינסטינקטן, די „אומעגאָיסטישקייט" מיט איין וואָרט — דאס האָט געהייסן ביז אַהער מ אָ ר אַ ל... מיט דעם „מאָרגנ־

רויט״ האָב איך צום ערשטן מאָל אונטערגענומען דעם קאַמף קעגן דער מאָראַל פון אנטאַיכונג. —

## די פרייליכע ווּיסנשאַפט. („LA GAYA SCIENZA").

דאָס „מאָרגנרויט״ איז אַ יאָ־זאָגנדיק בוך, טיף, אָבער פול מיט ליכט און גוטסקייט. דאָסזעלבע קאָן מען נאָכאַמאָל און אין העכסטן גראַד זאָגן וועגן דער GAYA SCIENZA: כמעט אין יעדן זאַץ פון דערזעלביקער האַלטן זיך צערטלעך טיפזין און שטיפערישקייט פאַר דער האַנט. אַ געדיכט, וואָס דריקט אויס די טיפסטע דאַנקבאַרקייט פאַר דעם וווּנדערבאַרסטן חודש יאַנואַר, וועלכן איך האָב איבערגעלעבט — דאס גאַנצע בוך איז זיין געשאַנק — זאָגט עדות גענוג, פון וועלכער טיף אַרויס דאָ איז געוואָרן די „וויסנשאַפט״ פריילעך:

דו, וואס האָסט מיטן שפּיז פון פלאַם
דאס אייז פון מיין נשמה געשפּאָלטן אין טיילן,
אַז איצטער טוט זי בּרויזנדיק צום ים
פון איר העכסטער האָפנונג איילן:
העלער אַלץ און אַלץ געזונטער,
פריי אין ליבסטן מוז —
אַזוי־אָ לויבּט זי דיינע ווּנדער,
שענסטער יאַנואַריוס!

וואס דאָ הייסט „העכסטע האָפנונג״, ווער קאָן וועגן דעם צווייפלען, וועלכער זעט אויפלייכטן אין סוף פון פערטן בוך די דימענטענע שיינקייט פון די ערשטע רייד פון זאַראַטוסטראַ? — אָדער וועלכער לייענט די גראַניטענע זאצו אין סוף פון דריטן

בוך, מיט וועלכע אַ שיקזאַל ווערט פּאַר אַלע ציטן צום ערשטן מאָל אין פאָרמולעס אויסגעדריקט? — די לידער פון פרינץ פויגלפריי, צום גרעסטן טייל אין סיציליען געדיכטעט, דערמאָנען גאַנץ אויסדריקלעך אין דעם פּראָוואַנ־סאַלישן באַגריף פון דער „GAYA SCIENZA", אין יענער איינהייט פון זינגער, ריטער און פריגייסט, מיט וועלכער עס טיילט זיך אויס יענע וווּנדערבאַרע פריקולטור פון די פּראָוואַנסאַלן, אין קעגנזאַץ צו אַלע צווייידייטיקע קולטורן; דאס גאָר לעצטע גע־דיכט בפרט, „צו דעם מיסטראַל", אַן אויסגעלאַסן טאַנץ־ליד, אין וועלכן, זייט מוחל! עס ווערט איבער די מאָראַל אַריבערגע־טאַנצט, איז אַ פולקומענער פּראָוואַנסאַליזם. —

**אזוי האט געזאגט זאראטוסטרא. א בוך פאר אלע און פאר קיינעם.** איך וועל איצטער דערציילן די געשיכטע פון דעם זאַראַטוסטראַ. די גרונטקאָנצעפּציע פון דעם ווערק, דער געדאַנק פון אייביקן ווידערקום, די דאָזיקע העכ־סטע פאָרמולע פון באַ־יאָ־ונג, וועלכע קאָן בכלל דערגרייכט ווערן,— געהערט אין חודש אויגוסט פון יאָר 1881: ער איז אָנגעוואָרפן געוואָרן אויף אַ בלאַט, מיט דער איבערשריפט: „6000 פוס אויף יענער זייט פון מענטש און צייט". איך בין געגאַנגען אין יענעם טאָג אַרום דער אָזיערע פון סילוואַפּלאַנאַ דורך די וועלדער; ביי אַ מעכטיקן, פּיראַמידאַל אויפגעטורעמטן שטיין נישט ווייט פון סורליי האָב איך מיך אָפּגעשטעלט. דאָ איז מיר געקומען דער־דאָזיקער געדאַנק. — רעכן איך פון דעמדאָזיקן טאָג אַן אַ פּאָר חדשים צוריק, באַמערק איך, ווי אַן אָנזאָג, אַ פּלוצלינגע און ביזן גרונט אַנטשיידנדיקע פאַרענדערונג פון מיין געשמאַק, קודם־כל אין

דער מוזיק. מ'קאָן אפשר דעם גאַנצן זאַראַטוסטראַ צו דער מוזיק פאַררעכענען; — געוויס, אַ ווידערגעבורט אין דער קונסט צו הערן איז געווען דערצו אַ פאָרבאַדינג. אין אַ קליין באָד-אָרט אין די בערג נישט ווייט פון וויטשענצאַ, רעקאָאַראָ, וווּ איך האָב פאַר-בראַכט דעם פרילינג פון יאָר 1881, האָב איך צוזאַמען מיט מיין MAESTRO און פריינט פעטער גאַסט, אויך אַ „ווידערגעבוירענעם", אנטדעקט, אַז דער פעניקס מוזיק איז פאַר אונז מיט לייכטערע און לייכטנדיקערע פעדערן פאַרבייגעפלויגן, ווי ער האָט ווען איז באַוויזן. רעכן איך דערקייגן פון יענעם טאָג אָן פאָרויס, ביז צו דער פלוצלינגער און ביי די אומוואָרשיינלעכסטע אומשטענדן אָנפאַנגנדיקער געבורט אין חודש פעברואַר פון יאָר 1883 — די ענד-טייל, דיזעלבע, וואס אין פאָרוואָרט האָב איך פון איר ציטירט אַ פאָר זאַצן, איז פאַרטיק געוואָרן פונקט אין דער הייליקער שעה, ווען ריכאַרד וואַגנער איז אין ווענעדיק גע-שטאָרבן — פאַלן אויס אַכצן חדשים אויף דער שוואַנגערשאַפט. דידאזיקע צאָל גראָד פון אַכצן חדשים וואָלט געקאָנט אַרויספירן אויף דעם געדאַנק, צווישן בודדיסטן לכל הפחות, אַז איך בין אין גרונט אַ העלפאַנט אַ זי. — אין דידאָזיקע צווישנצייט געהערט די GAYA SCIENZA, וועלכע האט הונדערט סמנים, וואס זאָגן אָן די נאָענטקייט פון עפעס אומפאַרגלייכלעכס; לסוף גיט זי אפילו נאָך דעם אָנהויב פון זאַראַטוסטראַ, זי גיט אין פאָרלעצטן אָפשניט פון פערטן בוך דעם גרונטגעדאַנק פון זאַראַ-טוסטראַ. — דאסגלייכן געהערט אין דיזעלבע צווישנצייט יענער הימן צום לעבן (פאַר אַ געמישטן כאָר און אָרקעסטער), וואס זיין פאַרטיטור איז דערשינען פאַר צוויי יאָר ביי ע. וו. פריטש אין לייפציק: אַ סימפּטאָם נישט אָן באַדייטונג אפשר פאַר דעם צושטאַנד

פונם דאָזיקן יאָר, ווען דער יאָ־זאָגנדיקער פּאַטאָס PAR EXCELLENCE, פון מיר אָנגערופן דער טראַגישער פּאַטאָס, האט מיך אָנגעפילט אין העכסטן גראַד. מ'וועט אים שפּעטער אַמאָל זינגען מיר צום אָנדענק. — דער טעקסט, איך באַמערק דאס אויס־דריקלעך, ווייל מכּח דעם איז פאַרשפּרייט אַ טעות, איז נישט פון מיר: ער איז די דערשטוינענדיקע אינספּיראַציע פון אַ יונגער רוסין, מיט וועלכער איך בין דאַמאָלס געווען באַפריינדעט, פרייליין לו פאָן סאַלאָמע. ווער עס פאַרשטייט פון די לעצטע ווערטער פונם געדיכט בכלל אַ זין אַרויסצונעמען, דער וועט משער זיין, פאַרוואָס איך האָב עס פּריווילעגירט און באַוווּנדערט: עס איז דאָ אין זיי גרויסקייט. דאס לייד גילט נישט ווי אַ ווידערשפּרוך קעגן דעם לעבן: „האָסטו קיין גליק מיר מער נישט צו געבן, נו גוט! האָסטו נאָך דיין פּיין..." אפשר פאַרמאָגט אויך מיין מוזיק אין דאָזיקן אָרט גרויסקייט (לעצטע נאָטע פון דעם A־קלאַרנעט cis, נישט c. דרוקפעלער). דעם נאָענטסטן ווינטער האָב איך פאַרבראַכט אין יענער רייצנד שטילער בוכט פון ראַפּאַלאָ נישט ווייט פון גענואַ, וועלכע שניידט זיך אַריין צווישן קיאַוואַרי און די פאָדערבערג פון פּאָרטאָ פינאָ. מיין געזונט איז נישט געווען דאס בעסטע; דער ווינטער קאַלט, איבער דער מאָס רעגנדיק; אַ קליין אַלבערגאָ, האַרט ביים ים שטייענדיק, אַזוי אַז דאס געהויבענע וואַסער אין ים האָט מיך אינגאַנצן נישט געלאָזט שלאָפן ביינאַכט, איז געווען כמעט אין אַלעם דער היפּך פון דעם, וואס מ'האט זיך געקאָנט ווינטשן. טראָצדעם און כמעט צום באַווייז פון מיין כּלל, אַז אַלדאָס אַנטשיידנדיקע אַנטשטייט „טראָצדעם", איז עס געווען דערדאָזיקער ווינטער און דידאָזיקע אומגינסטיקע אומשטענדן, ביי וועלכע מיין זאַראַטוסטראַ איז

אַנטשטאַנען. — פּאַרמיטאָגצייט פלעג איך שטייגן אין דער דרום־ריכטונג אויפן הערלעכן וועג, וועלכער פירט צו זאָאַלי אַרויף אין דער הויך, פאַרביי פאַר פּיניען און מיט אַ ווייטן אַרויסבליק אויפן ים; נאָכמיטאָגצייט, אויף וויפיל דאס געזונט האָט נאָר דערלויבט, פלעג איך אַרומגיין די גאַנצע בוכט פון סאַנטאַ מאַרגעריטאַ ביז הינטער פּאָרטאָ פינאָ. דאָסדאָזיקע אָרט און דידאָזיקע לאַנדשאַפט איז נאָך נענטער געוואָרן מיין האַרץ, אַ דאַנק דער גרויסער ליבע, וואס דער קייזער פרידריך דער דריטער האט געפילט צו זיי; אין האַרבסט 1886 בין איך נאָכאַמאָל געווען אויפן דאָזיקן ים־ברעג, בעת ער האָט צום לעצטן מאָל באַזוכט דידאָזיקע קליינע פאַרגעסענע וועלט פון גליק. — אויף אָט דידאָזיקע צוויי וועגן איז מיר דער גאַנצער ערשטער זאַראַטוסטראַ איינגעפאַלן, קודם־כל זאַראַטוסטראַ גופא, ווי אַ טיפּ: ריכטיקער, *ער איז מיך באַפאַלן*...

2. כדי דעמדאָזיקן טיפּ צו פאַרשטיין, מוז מען זיך צוערשט קלאָר מאַכן זיין פיזיאָלאָגישן באַדינג: ער איז דאס, וואס איך רוף אָן די *גרויסע געזונטהייט*. איך קאָן דעמדאָזיקן באַגריף נישט בעסער, נישט *פערזענלעכער* דערקלערן, ווי איך האָב דאס שוין געטון, אין איינעם פון די אָפּשניטן אין סוף פון פינפטן בוך פון דער „GAYA SCIENZA“. „מיר נייע, נאָמענלאָזע, שלעכט־פאַרשטענדלעכע — זאָגט זיך דאָרט, — מיר פרי־געבוירענע פון אַ נאָך אומבאַוויזענער צוקונפט, מיר ברויכן צו אַ נייעם צוועק אויך אַ ניי מיטל, דהיינו אַ נייע געזונטהייט, אַ שטאַרקערע, דערפאַרענערע, בויגזאַמערע, דרייסטערע, לוסטיקערע, ווי עס זענען געווען ביזאַהער אַלע געזונטהייטן. וועמענס נשמה עס באַגערט

איבערצולעבן דעם גאַנצן סכום פון די ביזאַיצטיקע ווערטן און ווינטשבאַרקייטן און אַרומשווימען אַלע ברעגעס פונם דאָזיקן אידעאַלישן „מיטללענדישן ים״, ווער עס וויל וויסן אויס די איבערלעבונגען פון דער אייגנסטער דערפאַרונג, וואס עס פילט אַ דעראָבערער און אַנטדעקער פון דעם אידעאַל, דאסגלייכן אַ קינסטלער, אַ הייליקער, אַ געזעצגעבער, אַ חכם, אַ געלערנטער, אַ גאָטפאָרכטיקער, אַ געטלעכער נזיר פון אַלטן סטיל: דער האָט דערצו קודם־כל איין זאַך נויטיק, די ג ר ו י ס ע ג ע ז ו נ ט ה י י ט — אַזעלכע, וואס נישט נאָר מ׳האט, נאָר מען דערווערבט נאָך אויך כסדר און מ׳מוז דערווערבן, ווייל תמיד אָפּערט מען זי פונ־דאָסניי, מען מוז זי אָפּערן... און איצט, ווען מיר זענען לאַנג אויף אַזאַ אופן געווען אונטערוועגנס, מיר אַרגאָנאַווטן פינם אידעאַל, מוטיקער אפשר ווי קלוג, און גאַנץ אָפט צעשלאָגן און שאָדן גע־ליטן, אָבער, ווי געזאָגט, געזונטער, ווי מ׳וואָלט דאס אונז געוואָלט דערלויבן, געפערלעך געזונט, תמיד פונדאָסניי געזונט, — וויל זיך אונז דוכטן, גלייך ווי מיר וואָלטן, אַלס לוין דערפאַר, האָבן פאַר זיך אַ נאָך אומאַנטדעקט לאַנד, וועמענס גרענעצן עס האָט נאָך קיינער נישט געזען, אַ יענע־וועלט פון אַלע ביזאַיצטיקע לענדער און ווינקלען פונם אידעאַל, אַ וועלט אַזוי איבער־עשירותדיק אין שיינס, ווונדערלעכס, אויסטערלישס, אימהדיקס און געטלעכס, אַז אונזער נייגער פונקט ווי אונזער באַגער צום באַזיצן זענען אַרויס פון זייער גלייכגעוויכט — אַך, אַז מיר קאָ־נען איצטער דורך גאָרנישט מער געזעטיקט ווערן!... וויאַזוי וואָלטן מיר זיך, נאָך אַזעלכע אויסזיכטן און מיט אַזאַ הייסהונגער אין וויסן און געוויסן, געקאָנט נאָך באַגניגענען מיט דעם ה י י נ ט י ק ן מ ע נ ט ש? זייער שלעכט, אָבער עס איז אומפאַר־

מיידעלעך, וואָס מיר קוקן זיך צו צו זייערע ווירדיקסטע צילן און האָפענונגען מיט אַ שלעכט אָנגעשטעלטן ערנסט און מעגלעך מיר קוקן זיך אַפילו מער נישט צו... אָן אַנדער אידעאַל לויפט פאַר אונדז פאַרביי, אַ ווונדערלעכער, נסיונדיקער, געפאַרנפולער אידעאַל, צו וועלכן מיר וואָלטן קיינעם נישט געוואָלט צורעדן, ווייל מיר אָנערקענען קיינעם נישט אַזוי לייכט דאָס רעכט אויף אים: דער אידעאַל פון אַ גייסט, וועלכער שפּילט נאַאיוו, דאָס הייסט אומגעוואָלט און פון איבערפלייצנדיקער שפע און מעכטיקייט, מיט אַלץ, וואָס האָט ביזאַהער געהייסן הייליק, גוט, אומבאַריר־לעך, געטלעך; פאַר וועלכן דאָס העכסטע, אין וואָס דאָס פאָלק האָט מיט רעכט זיין מאָס פאַר ווערטן, וואָלט שוין באַדייט אַזוי פיל, ווי געפאַר, ירידה, דערנידעריקונג אָדער, מינדעסטנס, ווי אָפּרו, בלינדקייט, צייטווייליק פאַרגעסן־זיך; דער אידעאַל פון אַ מענטשלעך־איבערמענטשלעך געזונט און גוטגינונג, וועלכער וועט זיך גאַנץ אָפט אויסדוכטן אוממענטשלעך, למשל, ווען ער וועט זיך נעבן דעם גאַנצן ביזאיצטיקן ערנסט פון דער וועלט, נעבן דער גאַנצער ביזאיצטיקער פייערלעכקייט אין תנועה, וואָרט, קלאַנג, בליק, מאָראַל און אויפגאַבע אַוועקשטעלן ווי זייער פאַר־קערפּערטסטע נישטווילנדיקע פּאַראָדיע — און מיט וועלכן, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, קאָן זיין, הייבט ערשט אָן דער גרויסער ערנסט, ווערט ערשט געשטעלט דער אמתער פרעגצייכן, דאָס שיקזאַל פון דער נשמה ווענדט זיך אום, דער ווייזער רוקט זיך, די טראַגעדיע הייבט אָן..."

3. האָט ווער, אין סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אַ דייט־לעכן באַגריף וועגן דעם, וואָס די דיכטער פון שטאַרקע תקופות

האָבן אָנגערופן באַגייסטערונג? אויב נישט, וועל איך דאָס באַשרייבן. — מיט דעם קלענסטן זכר פון אַבערגלויבן אין זיך, וואָלט מען קוים געקאָנט באמת אַוועקטרייבן פון זיך די פאָרשטעלונג, אַז מ׳איז בלויז אַ פאַרקערפערונג, בלויז אַ מויל־געצייג, בלויז אַ מעדיום פון איבערמעכטיקע כחות. דער באַגריף אַנטפּלעקונג, אין דעם זין, אַז פּלוצלינג דערזעט מען, דערהערט מען מיט אַן אומבאַשרייבלעכער זיכערקייט און שאַרפקייט עפּעס אַזוינס, וואָס טרייסלט איינעם אויף ביז אין טיפסטן גרונט און וואַרפט אים אום, איז אַ פשוטע באַשרייבונג פון דעם פאַקטישן צושטאַנד. מ׳הערט, מ׳זוכט נישט; מ׳נעמט, מ׳פרעגט נישט, ווער עס גיט דאָ; ווי אַ בליץ לייכט אויף אַ געדאַנק, מיט נויטווענדיקייט, אין דער פאָרם אָן איבערלייגונג, — איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין אויסוואַל. אַן אַנטציקונג, וואָס איר אומגעהויערע געשפּאַנטקייט ווערט טיילמאָל אויפגעלייזט אין אַ שטראָם פון טרערן, וואָס ביי איר טוט נישטווילנדיק שטורמען דער שריט און אָט ווערט ער לאַנגזאַם; אַ פולשטענדיק זיין־אויסער־זיך מיט דעם קלאָרסטן באַוווסטזיין פון אָן אַ שיער דינע שוידערס און הויט־ציטערונגען ביז אין די פיס־פינגער; אַ גליק־טיפקייט, אין וועלכער דאָס ווייטאָג־לעכסטע און אומעטיקסטע ווירקט נישט ווי אַ היפך, נאָר ווי באַדינגט, ווי אַרויסגעפאָדערט, ווי אַ נויטווענדיקע פאַרב אינעווייניק פון אַזאַ ליכט־שפע; אַן אינסטינקט פון ריטמישע פּראָפּאָרציעס, וואָס איבערשפּאַנט ווייטער מהלכן פון פאָרמען — די לענג, דאָס באַדערפעניש אין אַ ווייטגעשפּאַנטן ריטם איז כמעט די מאָס פאַר די קראַפט פון דער באַגייסטערונג, אַ מין אויסגלייך אַנטקייגן איר דרוק און געשפּאַנטקייט... אַלץ געשעט אין העכסטן גראַד נישטפרייוויליק, אָבער ווי אין אַ שטורם פון

ר ייהייטס-געפיל, פון אומבאַדינגקטקייט, פון מאַכט, פון געטלעכ-
ק'יט... די נישטפרייוויליקייט פונם בילד, פונם משל איז דאס
ערקווירדיקסטע; מ'האָט נישט מער קיין השגה, וואס איז בילד,
ואס אין משל; אַלץ ביט זיך אָן ווי דער נאָענטסטער, דער
יכטיקסטער, דער פשוטסטער אויסדרוק. עס דוכט זיך ווירקלעך,
כדי צו דערמאָנען אַ וואָרט זאַראַטוסטראַס, גלייך ווי די זאַכן
וואָלטן אַליין צוקומען און וואָלטן זיך אָנביטן צום משל
(—„דאָ קומען אַלע זאַכן גלעטנדיק צו דיין גערייד און חנדלען צו
דיר: ווייל זיי ווילן אויף דיין רוקן רייטן. אויף יעדן משל רייטסטו
דאָ צו יעדן אמת. דאָ פראַלן זיך אויף פאַר דיר אַלע ווערטער
פון דעם זיין און אַלע וואָרט-אוצרות; יעדעס זיין וויל דאָ וואָרט
ווערן, יעדעס ווערן וויל פון דיר רעדן לערנען —"). דאס איז מ יי ן
דערפאַרונג פון באַגייסטערונג; איך בין נישט מסופק, אַז מ'מוז
צוריקקגיין יאָרטויזנטער, כדי צו געפינען עמעצן, וואס מעג מיר
זאָגן „דאס איז אויך מיין דערפאַרונג". —

4. איך בין אַ פאָר וואָכן דערנאָך געלעגן קראַנק אין גענוּאַ.
דערנאָך איז געקומען אַן אומעטיקער פרילינג אין רוים, וווּ איך
האָב דאס לעבן איבערגעטראָגן — עס איז נישט געווען לייכט.
אין גרונט האָט אָט דאָסדאָזיקע אָרט, דאס אומאַנשטענדיקסטע
אָרט אין דער וועלט פאַר דעם דיכטער פון זאַראַטוסטראַ, וואס
איך האָב נישט פרייוויליק אויסגעקליבן, מיך אָן אַ שיער
פאַרדראָסן; איך האָב געפרווּט מיך אַרויסצורייסן — איך האָב
געוואָלט אַריבער קיין אַקווילאַ, דעם היפך-באַגריף פון רוים,
פון שנאה געגרינדעט קעגן רוים, ווי איך וועל אַמאָל אַן אָרט
גרינדן, די דערינערונג אין אַן אַטעיסט און קירכן-פיינט COMME

IL FAUT, אין איינעם פון מיינע נאָענטסט-פאַרוואַנדטע, דעם
גרויסן האָהענשטאַופן-קייזער פרידריך דעם צווייטן. אָבער אַ פּאַ-
טום איז געהאָנגען איבער דעם אַלעם: איך האָב מיך געמוזט
צוריקקערן. לסוף האָב איך מיך געלאָזט צופרידן מיט דער
PIAZZA BARBERINI, נאָכדעם ווי מיינע באַמיונגען צו געפינען אַן
אַנטיקריסטלעכע געגנט האָבן מיך פאַרמאַטערט. איך
האָב מורא, אַז כּדי אויסצומיידן ווי ווייט מעגלעך שלעכטע ריחות,
האָב איך אַמאָל אַליין מיך נאָכגעפרעגט אין PALAZZO DEL
QUIRINALE, צי ס'איז דאָרט דאָ אַ שטיל חדר פאַר אַ פילאָזאָף. —
אויף אַ LOGGIA הויך איבער דער דערמאָנטער PIAZZA, פון
וועלכער מ'זעט גאַנץ רוים איז מ'הערט טיף אונטן די FONTANA
רוישן, איז געדיכטעט געוואָרן יענץ איינזאַמסטע ליד, וועלכעס
איז ווען אַמאָל געוואָרן געדיכטעט, דאס נאַכט-ליד; אין אָט
דער צייט האָט זיך כּסדר געטראָגן אַרום מיר אַ מעלאָדיע פון
אומבאַשרייבלעכער מרה-שחורה, וואָס איר רעפרען האָב איך
אָפּגעפונען אין די ווערטער „טויט פאַר אומשטערבלעכקייט...“
זומער, צוריק אַהיימגעקערט צום הייליקן אָרט, וווּ דער ערשטער
בליץ פון זאַראַטוסטראַ-געדאַנק האָט מיר אַ לייכט געטון, האָב
איך געפונען דעם צווייטן זאַראַטוסטראַ. צען טעג זענען געווען
גענוג; איך האָב אין קיין פאַל, סיי ביים ערשטן, סיי ביים
דריטן און לעצטן, מער נישט געדאַרפט האָבן. אינם ווינטער
דערנאָך האָב איך אונטער דעם האַלקיאָנישן הימל פון ניצאַ,
וועלכער האָט צום ערשטן מאָל אַריינגעשיינט אין מיין לעבן, גע-
פונען דעם דריטן זאַראַטוסטראַ — און בין געווען פאַרטיק. קוים
אַ יאָר, אויף דעם גאַנצן גערעכנט. אַ סך פאַרבאָרגענע ווינקעלעך
און הויכקייטן פון ניצאַס לאַנדשאַפט זענען מיר געהייליקט

דורך אומפּאַרגעסלעכע אויגנבליקן: יענער אַנטשיידנדער אָפּשניט, וועלכער טראָגט דעם טיטל „וועגן אַלטע און נייע לוחות", איז געדיכטעט געוואָרן בעת דעם שווערסטן אַרויפשטייגן פון דער סטאַציע צו דעם וווּנדערבאַרן מאַורישן פעלזן־נעסט עזאַ, — די מוסקול־פלינקייט איז תמיד געווען ביי מיר צום גרעסטן, ווען די שעפערישע קראַפט איז געפלאָסן צום רייכסטן. דאס לייב איז באַגייסטערט: לאָמיר אַרויסלאָזן די „נשמה" פון קאָן... מ'האָט מיך אָפט געקאָנט זען אַ טאַנצנדיקן; איך האָב דאַמאָלס געקאָנט וואַנדערן זיבן, אַכט שעה אין די בערג אָן אַ השגה פון אָפּגע־מאַטערטקייט. איך בין גוט געשלאָפן, איך האָב פיל געלאַכט, — איך האָב פאַרמאָגט אַ פולקומע קרעפטיקייט און געדולד.

5. אָפּגעזען פון דידאַקטיקע צען־טאָגיקע ווערק, זענען די יאָרן בעת און קודם־כל נאָך דעם זאַראַטוסטראַ געווען אַן עלנטער צושטאַנד אָן גלייכן. מ'באַצאָלט טייער אומשטערבלעך צו זיין: מ'שטאַרבט דערפאַר נישט איינמאָל ביים לעבן. — עס איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואס איך רוף אָן די RANCUNE פון דעם גרויסן. אַלדאָס גרויסע, אַ ווערק, אַ טאַט, וואס ווערט אַמאָל אויסגעפירט, קערט זיך באַלד קעגן יענעם, וועלכער האָט זיי געטון. גראָד דערפאַר, וואס ער האָט זיי געטון, איז ער שוואַך, — ער האַלט נישט מער אויס זיין טאַט, ער קוקט איר נישט מער אין פּנים אַריין. עפּעס האָבן הינטער זיך, וואס מ'האָט קיינמאָל נישט געדאַרפט וועלן, עפּעס אַזוינס, וואס דערין איז איינגעקניפּט דער קניפּ אין דעם גורל פון דער מענטשהייט—און עס איצטער האָבן אויף זיך!... עס צעקוועטשט כמעט... די RANCUNE פון דעם גרויסן! — דאס צווייטע איז די מוראדיקע שטילקייט, וואס מ'הערט אַרום זיך.

די איינזאַמקייט האָט זיבן הויטן; עס דרינגט קיין שום זאַך נישט מער אַדורך. מ'קומט צו מענטשן, מ'באַגריסט פריינט: אַ נייער מדבר, קיין בליק גריסט נישט מער. אין בעסטן פאַל אַ מין מרידה. אַזאַ מין מרידה האָב איך דערפאַרן, אין אַ זייער פאַרשידענעם גראַד, אָבער כמעט פון יעדן, וועלכער איז מיר געשטאַנען נאָענט; עס דוכט זיך, אַז קיין שום זאַך באַליידיקט נישט טיפער, ווי פלוצלינג לאָזן פילן אַ דיסטאַנץ, — די *פאָרנעמע* נאַטורן, וועלכע קאָנען נישט לעבן אָן פאַרערן, זענען זעלטן. — דאט דריטע איז די אַבּ-סורדע עמפינדלעכקייט פון דער הויט קעגן שטעך, אַ מין הילפ-לאָזיקייט פאַר אַלעם קליינעם. דידאָזיקע, דוכט זיך מיר, אַנטשטייט צוליב דער אומגעהויערער פאַרשווענדונג פון אַלע פאַרטיידיקונגס-כוחות, וועלכע זענען אַ פאָרבאַדינג פאַר יעדער *שעפערישער* טאַט, פאַר יעדער טאַט, וואָס דרינגט אַרויס פון דעם אייגנסטן, אינערלעכסטן, טיפסטן. די *קליינע* פאַרטיידיקונגס-כוחות זע-נען אַזוי ווי אָפּגעשטעלט; זיי האָבן נישט מער קיין שום צופלוס פון קראַפט. — איך וואַג נאָך צו באַמערקן, אַז מ'פאַרדייעט ערגער, מ'באַוועגט זיך אָן חשק, מ'שטייט צו אָפן פאַר די פּראָסט-געפילן, אויך פאַר דעם — דעם חשד, וועלכער איז אין אַ סך פאַלן נאָר אַן עטיאָלאָגישער טעות. אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך אַמאָל אויסגעפילט די נאָענטקייט פון אַ סטאַדע קי, אַ דאַנק דעם אומקער פון מילדערע, מענטשן-פריינטלעכערע געדאַנקען, נאָך איידער איך האָב זי געזען: *דאָס* האָט וואַרעמקייט אין זיך...

6. דאָסדאָזיקע ווערק שטייט אינגאַנצן באַזונדער פאַר זיך. לאָמיר לאָזן די דיכטער אין אַ זייט: עס איז אפשר בכלל קיינמאָל נישט עפּעס געשאַפן געוואָרן פון אַזאַ גלייכן איבערפלוס פון

קראַפט. מיין באַגריף „דיאָניזיש" איז דאָ געוואָרן העכסטע
טאַט; מיט איר פאַרגליכן, דערשיינט דער גאַנצער רעשט
פון מענטשלעכן טון ווי אָרים און באַדינגט. וואס אַ געטע,
אַ שעקספּיר וואָלט נישט קיין איין אויגנבליק געקאָנט
אָטעמען אין אָט דער אומגעהויערער ליידנשאַפט און היץ,
וואס דאַנטע, מיט זאַראַטוסטראַ פאַרגליכן, איז בלויז אַ גלויביקער
און נישט אַזעלכער, וואס שאַפט ערשט דעם אמת, אַ וועלט־
רעגירנדער גייסט, אַ שיקזאַל, — וואָס די דיכטער פון וועדאַ
זענען פריסטער און זענען צומאָל נישט ווערט אויפצושנירן די
שיך פון אַ זאַראַטוסטראַ, דאס אַלץ איז דאָס קנאַפּסטע און גיט
נישט קיין באַגריף וועגן דער דיסטאַנץ, וועגן דער אַזורנער
איינזאַמקייט, אין וועלכער דאָסדאָזיקע ווערק לעבט. זאַראַטוסטראַ
האָט אַן אייביק רעכט צו זאָגן: „איך שליס קרייזן אַרום מיר
און הייליקע גרענעצן; וואָס אַמאָל ווייניקערע שטייגן מיט מיר
אויף אַלץ העכערע בערג, — איך בוי אַ געבערג פון אַלץ הייליקע־
רע בערג". זאָל מען דעם גייסט און די גוטקייט פון אַלע גרויסע
נשמות אין איינס צוזאַמענגענעמען: אַלע צוזאַמען וואָלטן נישט
בכח געווען איין איינציקע רעדע זאַראַטוסטראַס אַרויסצוברענגען.
די לייטער איז אומגעהויער, אויף וועלכער ער שטייגט אַרויף און
אַראָפּ; ער האָט ווייטער געזען, ווייטער געוואָלט, ווייטער געקאָנט,
ווי וועלכער־איז מענטש. ער נעגירט מיט יעדן וואָרט, דערדאָזיקער
יאָ־זאָגנדיקסטער פון אַלע גייסטער; אין אים זענען אַלע קעגנזאַצן
צו אַ נייער איינקייט געבונדן. די העכסטע און טיפסטע כחות
פון דער מענטשלעכער נאַטור, דאס זיסטע, פלאַטערדיקסטע און
אימהדיקסטע פליסט מיט אומשטערבלעכער זיכערקייט פון איין
קוואַל אַרויס. מ׳ווייסט נישט ביז דאַמאָלס, וואס איז הויכקייט,

וואָט איז טיפקייט; מ׳ווייסט נאָך ווייניקער, וואָס איז אמת. עס איז
נישטאָ קיין אויגנבליק אין דערדאָזיקער אַנטפּלעקונג פון אמת,
וועלכער זאָל שוין זיין געווען פּאָרויסגעזען, פון איינעם פון די
גרעסטע דערגאַנגען. נישטאָ קיין חכמה, קיין זעלן־פּאָרשונג, קיין
קונסט פון רעדן פאַר זאַראַטוסטראַ; דאָס נאָענטסטע, דאָס אַלטעג־
לעכסטע רעדט דאָ פון אומדערהערטע זאַכן. די סענטענץ פון
ליידנשאַפט ציטערנדיק; די בּאַרעדעוודיקייט מוזיק געוואָרן; בּליצן
פּאָרויסגעשליידערט אין ביז היינט נישט־דערגאַנגענע צוקונפטן. די
מעכטיקסטע קראַפט צום משל, וועלכע איז ביזאַהער פאַראַן גע־
ווען, איז אָרים און שפּילעריי קעגן אָט דעם צוריקקער פון דער
שפּראַך צו דער נאַטור פון בילדלעכקייט. — און וויאַזוי זאַראַ־
טוסטראַ נידערט אַראָפּ און זאָגט צו יעדן דאָס ליבלעכסטע! וויאַזוי
ער נעמט אָן אפילו זיינע קעגנער, די פּריסטער, מיט צאַרטע הענט
און ליידט צוזאַמען מיט זיי צוליב זיי! — דאָ ווערט אין יעדן
אויגנבליק דער מענטש בּייגעקומען, דער באַגריף „איבערמענטש״
איז דאָ געוואָרן די גרעסטע ווירקלעכקייט, — עס ליגט דאָס אַלץ, וואָס
האָט ביזאַהער געהייסן גרויס אינעם מענטש, אויף אַן אומענד־
לעכן מהלך אונטער אים. וועגן דעם האַלקיאָנישן עלעמענט,
די לייכטע פיס, די אַלגעגנוואַרט פון בייזקייט און מוטווילן און
וואָס עס איז בכלל אַלץ טיפּיש פאַר דעם טיפּ זאַראַטוסטראַ, איז
נישט געחלומט געוואָרן ווי וועגן דאָס וועזנטלעכע פון גרויס־
קייט. זאַראַטוסטראַ פילט זיך גראָד אין דערדאָזיקער רחבות פון
רוים, אין דערדאָזיקער צוגענגלעכקייט צו דעם אַנטקייגנגעזעצטן
ווי דער העכסטער מין פון אַלדאָס זייענדיקע;
און ווען מ׳הערט, וויאַזוי ער דעפינירט דאָס, וועט מען זיך אָפּ־
זאָגן צו זוכן נאָך זיין בּיישפּיל.

„— די נשמה, וואָס האָט די לענגסטע לייטער און קאָן צום טיפסטן אַרונטער,

די רחבותדיקסטע נשמה, וואס קאָן צום ווייטסטן אין זיך אַרומלויפן און וואָגלען און פּלאָטערן,

די נויטווענדיקסטע, וועלכע וואַרפט זיך אַריין מיט פרייד אין דעם צופאַל,

די נשמה, וואָס איז און ווילֿ אַריבער אין אַ ווערן, וואס האָט און וויל אַריבער אין אַ וועלן און פאַרלאַנגען, —

די, וועלכע אַנטלויפט פון זיך אַליין און דעריאָגט זיך אַליין אין ווייטסטע קרייזן,

די קלוגסטע נשמה, וואס דער אומזין רעדט צו איר צום זיסטן,

די, וועלכע האָט זיך אַליין צום ליבסטן, וואס אין איר האָבן אַלע זאַכן זייער שטראָמען און אַנטקעגנשטראָמען, זייער אָפּפלוס און צופלוס — —"

אָ ב ע ר ד א ס א י ז ד ע ר ב אַ ג ר י ף פ ו ן ד י אָ נ י ז אָ ס ג ו פ א. — גראָד דערצו פירט אַן אַנדערע באַטראַכטונג. דאס פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם אין דעם טיפּ פון זאַראַטוסטראַ באַשטייט אין דעם, וויאַזוי דער, וועלכער זאָגט ניין, טוט ניין אין אַן אומדערהערטער מאָס צו אַלץ, צו וואָס מ'האָט ביז אַהער געזאָגט יאָ, קאָן טראָצדעם זיין דער היפּך פון אַ ניין־זאָגנדיקן גייסט; וויאַזוי דער גייסט, וועלכער טראָגט אויף זיך דאס שווערסטע פון גורל, אַ פאַטום פון אויפגאַבע, קאָן טראָצדעם זיין דער לייכט־סטער און יענערזייטיקסטער — זאַראַטוסטראַ איז אַ טענצער —: וויאַזוי דער, וועלכער באַזיצט די האַרבסטע, די אימהדיקסטע דערקענונג פון דער ווירקלעכקייט, וועלכער האָט געדאַכט דעם

„אָפּגרינטלעכסטן געדאַנק“, געפינט טראָצדעם נישט קיין ווידער־שפּרוך דערין קעגן דעם לעבן, אפילו נישט קעגן זיין אייביקן ווידערקום, — גיכער נאָך מער אַ גרונט אליין צו זיין דער אייביקער יאָ צו אַלע זאכן, „דאָס אומגעהויערע אומבאַגרע־נעצטע יאָ־און אמן־זאָגן“... „אין אַלע אָפּגרינטן אריין טראָג איך נאָך מיין בענטשנדיק יאָ־זאָגן“... אָבער דאָס איז דער באַגריף פון דיאָניזאָס נאָכאַמאָל.

7. מיט וועלכער שפּראַך וועט רעדן אַזאַ גייסט, ווען ער רעדט מיט זיך אַליין? מיט דער שפּראַך פון דיפיראַמב. איך בין דער דערפינדער פון דיפיראַמב. הערט, ווי זאַראַטוסטראַ רעדט מיט זיך פאר זון־אויפגאַנג (III, 18): אַזאַ שמאַראַגדן גליק, אַזאַ געטלעכע צערטלעכקייט האָט נאָך קיין שום לשון נישט פאַרמאָגט פאַר מיר. אפילו דער טיפסטער אומעט פון אַזאַ דיאָני־זאָס ווערט אויך פאַרוואַנדלט אין דיפיראַמב; איך נעם, אַלס ביי־שפּיל, דאס נאַכט־ליד, — דאס אומשטערבלעכע קלאָגן זיך, צוליב דער שפע פון ליכט און קראַפט, צוליב זיין זון־נאַטור צו זיין פאַרמשפּט נישט צו ליבן.

„נאַכט איז: אַצינד רעדן העכער אַלע שלאָגנדיקע קוואַלן. און אויך מיין נשמה איז אַ שלאָגנדיקער קוואַל.

נאַכט איז: אַצינד ערשט דערוואַכן אַלע לידער פון די ליבנדע. און אויך מיין נשמה איז דאס ליד פון אַ ליבנדן.

עפּעס אומגעשטילטס, אומשטילבאַרס איז אין מיר, וואס וויל רעדן. אַ באַגער נאָך ליבע איז אין מיר, וועלכער רעדט אַליין מיט דער שפּראַך פון ליבע.

ליכט בין איך: אָ, הלואי וואָלט איך נאַכט געווען! אָבער

דאס איז מיין איינזאַמקייט, וואָס איך בין פון ליכט אַרומגעגורט.

אָ, הלואי וואָלט איך טונקל געווען און נאַכטיק! ווי וואָלט איך געוואָלט זויגן ביי די בריסטן פון ליכט!

און אייך גופא וואָלט איך נאָך בענטשן געוואָלט, איר קליי-נע פונקלשטערן און לייכט-ווערים דאָרט אויבן! — און גליקלעך זיין צוליב אייערע ליכט-מתּנות.

אָבער איך לעב אין מיין אייגן ליכט, איך טרינק אַריין אין מיר צוריק די פלאַמען, וועלכע ברעכן פון מיר אַרויס.

איך קען נישט דאס גליק פון דעם, וואָס נעמט; און אָפט האָט זיך מיר געחלומט, אַז אין גנבענען איז נאָך מער גליק איי-דער אין נעמען.

דאס איז מיין אָרימקייט, וואָס מיין האַנט רוט קיינמאָל נישט אָפּ פון שענקען; דאָס איז מיין קנאה, וואָס איך זע וואַרטנדיקע אויגן און די אויפגעלויכטענע נעכט פון דער בענקשאַפט.

אָ אומגליק פון אַלע שענקנדע! אָ פאַרפינסטערונג פון מיין זון! אָ תּשוקה צום באַגערן! אָ הייסהונגער אין דער זאַטקייט!

זיי נעמען פון מיר: אָבער ריר איך נאָך אָן זייער נשמה? א תּהום איז צווישן נעמען און געבן; און איבער דעם קלענסטן תּהום מוז מען אויך נאָך אַ בריק אַריבערוואַרפן.

אַ הונגער וואַקסט אַרויס פון מיין שיינקייט; וויי-טון וואָלט איך וועלן די, וועמען איך לייכט, באַרויבן וואָלט איך וועלן מיי-נע באַשענקטע: — אַזוי הונגער איך נאָך בייזקייט.

די האַנט צוריקציִענדיק, בשעת עס שטרעקט זיך שוין צו איר אויס די האַנט; צום וואַסערפאַל גלייך, וועלכער פאַרהאַלט זיך אין פאַלן: — אַזוי הונגער איך נאָך בייזקייט.

אַזאַ נקמה טראַכט אויס מיין שפּע, אַזאַ צו־להכעיס פליסט
פון מיין איינזאַמקייט.

מיין גליק אין שענקען איז אָפּגעשטאָרבן אין שענקען, מיין
טוגנט איז פון זיך גופא מיד געוואָרן צוליב איר איבערפלוס!

ווער עס שענקט כסדר, דער איז אין סכנה די בושה צו
פאַרלירן; ווער עס טיילט פאַנאַנדער כסדר, דעמס האַנט און
האַרץ האָט מאָזאָלעס פון כסדרדיקן פאַנאַנדערטיילן.

מיין אויג פליסט שוין מער נישט איבער צוליב דער בושה
פון די בעטנדיקע; מיין האַנט איז געוואָרן צו האַרט פאַר דעם
ציטערן פון אָנגעפילטע הענט.

ווו איז אַהינגעקומען די טרער פון מיין אויג און די ווייכקייט
פון מיין האַרץ? אָ איינזאַמקייט פון אַלע שענקנדע! אָ שווייגזאַמ־
קייט פון אַלע לייכטנדע!

אַ סך זונען קרייזן אין לעערן חלל: צו אַלץ, וואָס איז טונקל,
רעדן זיי מיט זייער ליכט — פאַר מיר שווייגן זיי.

אָ, דאָס איז די פיינטשאַפט פון ליכט קעגן לייכטנדעס: אומ־
רחמנותדיק וואַנדלט עס זיינע וועגן.

אומגערעכט קעגן לייכטנדעס אין טיפסטן האַרץ, קאַלט
קעגן זונען -- אַזוי וואַנדלט יעדע זון.

אַזוי ווי אַ שטורעם וואַנדלען די זונען זייערע וועגן. זייער
האַרטן ווילן פאָלגן זיי, דאָס איז זייער קאַלטקייט.

אָ, איר ערשט זענט עס, איר טונקעלע, איר נאַכטיקע, וועל־
כע שאַפן וואַרימקייט פון לייכטנדעס! אָ, איר ערשט טרינקט אייך
מילך און קוויקונג פון די ליכט־אייטערס!

אַך, אייז איז אַרום מיר, מיין האַנט ווערט פאַרברענט פון איי־

זיקס! אַך, דורשט אויז אין מיר, וועלכער שמאַכט נאָך אייער דורשט.

נאַכט איז: אַ, וואס איך מוז זיין ליכט! און דורשט נאָך נאַכ־טיקס! און איינזאַמקייט!

נאַכט איז: אַצינד ברעכט אויס פון מיר ווי אַ קוואַל מיין פאַרלאַנגען, — צו רעדן פאַרלאַנגט עס אין מיר.

נאַכט איז: אַצינד רעדן העכער אַלע שלאָגנדיקע קוואַלן. און אויך מיין נשמה איז אַ שלאָגנדיקער קוואַל.

נאַכט איז: אַצינד דערוואַכן אַלע לידער פון די ליבנדע. און אויך מיין נשמה איז דאָס ליד פון אַ ליבנדז. —"

8. אַזוי איז קיינמאָל נישט געוואָרן געדיכטעט, קיינמאָל געפילט, קיינמאָל געליטן: אַזוי ליידט אַ גאָט, אַ דיאָני־זאָס. דער ענטפער אויף אַזאַ דיפיראַמב פון דער זון־פאַרייִנזאַמונג אין ליכט וואָלט געווען ARIADNE... ווער ווייסט אַ חוץ מיר, וואס ARIADNE איז!... פון אַלע אַזעלכע רעטענישן האָט קיינער ביז־אַהער נישט געהאַט די לעזונג, איך בין מסופק, צי עס האָט אַמאָל ווער געזען דאָ אפילו גאָר אַ רעטעניש. — זאַראַטוסטראַ באַ־שטימט איינמאָל, מיט שטרענגקייט, זיין אויפגאַבע — עס איז אויך מיין אויפגאַבע, — אַזוי אַז מ'קאָן איבער דעם זין נישט האָבן קיין טעות: ער איז יאָ־זאָגנדיק ביז צו רעכטפאַרטיקונג, ביז צו דערלייזונג אפילו פון אַלעם פאַרגאַנגענעם.

„איך גיי אַרום צווישן מענטשן, ווי צווישן שערבעלעך פון דער צוקונפט: יענער צוקונפט, וועלכע איך זע.

און דאס איז מיין גאַנץ דיכטן און טראַכטן, וואָס איך דיכט

און טראָג צוזאַמען אין איינס, וואָס איז שערבעלע און רעטע־ניש און שרעקלעכער צופאַל.

און ווי וואָלט איך אויסגעהאַלטן מענטש צו זיין, ווען דער מענטש וואָלט נישט געווען אויך דיכטער און רעטעניש־טרעפער און דערלייזער פון צופאַל?

די פאַרגאַנגענע צו דערלייזן און יעדעס „עס איז געווען" איבערצושאַפן אין אַ „אַזוי האָב איך עס געוואָלט!" — דאָס וואָלט מיר ערשט געהייסן דערלייזונג.

אויף אַן אַנדער אָרט באַשטימט ער אַזוי שטרענג, ווי עס איז מעגלעך, וואָס פאַר אים אַליין עס קאָן זיין „דער מענטש",— קיין זאַך פון ליבע אָדער גאָר פון רחמנות—אפילו דעם גרויסן עקל צום מענטש האָט זאַראַטוסטרא באַצוווּנגען: דער מענטש איז אים אַן אומפאָרם, אַ שטאָף, אַ מיאוסער שטיין, וואָס נויטיקט זיך אין דעם געשטאַלטער.

„נישט־מער־וועלן און נישט־מער־שאַצן און נישט־מער־שאַפן! אָ, הלוואי זאָל אָט די גרויסע מידקייט תמיד בלייבן ווייט פון מיר!

אויך אין דעם דערקענען פיל איך נאָר די לוסט פון מיין ווילן צו פּרוכפּערן און ווערן; און אויב ס'איז דאָ אומשולד אין מיין דער־קענטניש, געשעט דאָס דערפאַר, ווייל אין איר איז דאָ ווילן צו פּרוכפּערונג.

אַוועק פון גאָט און געטער האָט מיך געצויגן דערדאָזיקער ווילן: וואס וואָלט דען געווען צו שאַפן, ווען עס וואָלטן געטער געווען?

אָבער צום מענטש טרייבט ער מיך תמיד פונדאַסניי, מיין

בּרענענדיקער שאַפנס־ווילן; אַזוי טרייבט עס דעם האַמער צום
שטיין.

אַך, איר מענטשן, אין דעם שטיין שלאָפט מיר אַ בילד, דאָס
בילד פון מײַנע בילדער! אָ, וואָס ער מוז אין דעם האַרטסטן,
מיאוסטן שטיין שלאָפן!

אַצינד צאָרנט מײַן האַמער גרויזאַם קעגן
זײַן געפענגעניש. פון שטיין פליען שטיקער: וואָס אַרט
מיך דאָס?

צו ענד וויל איך עס בּרענגען: ווײַל אַ שאָטן איז געקומען
צו מיר, — דאָס שטילסטע און לײַכטסטע פון אַלע זאַכן איז אַמאָל
געקומען צו מיר!

דעם איבּערמענטשס שיינקייט איז געקומען צו מיר ווי אַ
שאָטן: וואָס גייען מיך נאָך — די געטער אָן!..."

איך טייל אויס אַ לעצטן געזיכטספּונקט: דער אונטערגע
שטראָכענער פערז גיט דעם גרונט דערצו. פאַר אַ דיאָניזישער
אויפגאַבּע געהערט אויף אַן אַנטשיידנדן אופן די האַרטקייט פון
האַמער, די לוסט אפילו אין דעם צעשטערן צו די
פאַרבּאַדינגונגען. דער אימפּעראַטיוו: „ווערט האַרט!", די טיפסטע
זיכערקייט וועגן דעם, אַז אַלע שאַפנדיקע זענען
האַרט, איז דער אייגנטלעכער סימן פון אַ דיאָניזישער נאַטור. —

**אויף יענער זײַט פון גוט און בייז. אַ פאַרשפּיל צו אַ פילאָזאָפיע פון דער צוקונפט.** די אויפגאַבּע פאַר
די איצטער קומענדיקע יאָרן איז געווען אַזוי שטרענג ווי מעג־
לעך אָנגעצייכנט. נאָכדעם ווי די יאָ־זאָגנדיקע טייל פון מײַן אויפ־
גאַבּע איז געווען געלייזט, איז געקומען די ריי אויף די ניין־זאָגנ־

דיקע, נ י י ן־ט ו ע נ ד י ק ע העלפּט פֿון דערזעלבער: די איבערשאַצונג פֿון די בּיזאַנטיקע ווערטן גופֿא, די גרויסע קריג, — דאָס אַרויסרופֿן אַ טאָג פֿון אַנטשיידונג. דאָ קומט אַריין אין חשבּון דאָס געלאַסענע אומקוקן זיך נאָך פֿאַרוואַנדטע, נאָך אַזעלכע, וואָס וואָלטן געקאָנט אויס דער שטאַרקייט די האַנט מיר דערלאַנגען צום צ ע ש ט ע ר ן. — פֿון דאַמאָלס אָן זענען אַלע מיינע שריפֿטן ווענדקעס: אפֿשר קען איך מיך אַזוי גוט ווי אַן אַנדערער אויף פֿאַנגען?... אויב עס האָט זיך גאָרנישט ג ע פֿ אַ נ ג ע ן, איז די שולד נישט מיינע. עס ה אָ בּ ן ג ע פֿ ע ל ט ד י פֿ י ש...

2. דאַסדאָזיקע בּוך (1886) איז אין אַלעם ווערנטלעכן אַ ק ר י ט י ק פֿ ו ן ד ע ר מ אָ ד ע ר נ י ט ע ט, נישט אויסשליסנדיק די מאָדערנע וויסנשאַפֿטן, די מאָדערנע קונסטן, אפֿילו די מאָדערנע פּאָליטיק, מיט אָנווייזונגען אויף אַ קעגנזאַץ־טיפּ, וועלכער איז אַזוי ווייניק מאָדערן ווי מעגלעך, אויף אַ פֿאָרנעמען, אַ יאָ־זאָגנדיקן טיפּ. אין לעצטן זין איז דאָס בּוך אַ ש ו ל ע פֿ ו ן GENTILHOMME, דערדאָזיקער בּאַגריף גייסטיקער און ר אַ ד י ק אַ ל ע ר גענומען, ווי ער איז ווען ס׳איז גענומען געוואָרן. מ׳מוז האָבּן מוט אין לייבּ, כּדי אים נאָך בּלויז צו פֿאַרטראָגן, מ׳טאָר נישט האָבּן געקענט קיין פּחד... אַלע די זאַכן, מיט וועלכע עס איז שטאָלץ אונזער יאָרהונדערט, ווערן עמפּפֿונדן ווי אַ ווידערשפּרוך צום דאָזיקן טיפּ, ווי שלעכטע מאַנירן כּמעט, די בּאַרימטע „אָ בּ י ע ק ט י וו י ט ע ט” למשל, דאָס „מיטגעפֿיל מיט אַלדאָס ליידנדע”, דער „היסטאָרישער זין” מיט זיין אונטערוואַרפֿן זיך אַ פֿרעמדן געשמאַק, מיט זיין ליגן־אויף־דעם־בּויך פֿאַר PETITS FAITS, די „וויסנשאַפֿטלעכקייט”. – נעמט מען אין בּאַטראַכט, אַז

דאָס בוך קומט נאָך דעם זאַראַטוסטראַ, איז מען אויך אפשר משער דעם דיעטעטישן רעזשים, אַ דאַנק וועלכן עס איז אַנט־שטאַנען. דאָס אויג, צוגעוווינט דורך אַן אומגעהויערן צוואַנג ווייט צו קוקן — זאַראַטוסטראַ איז ווייטזעענדיקער נאָך ווי דער צאַר*) — ווערט דאָ געצוווּנגען צו כאַפּן שאַרף דאָס נאָענטסטע, די צייט, דעם אַרום־אונז. מ'וועט אין אַלע פּרטים, פאַר אַלעם אויך אין דער פאָרם, באַמערקן דעמזעלבן הפקרדיקן אָפּקער פון די אינסטינקטן, וועלכע האָבן מעגלעך געמאַכט אַ זאַראַטוסטראַ. די ראַפינירטקייט אין דער פאָרם, אין דער כוונה, אין דער קונסט פון שווייגן, איז אין פאָדערגרונט, די פּסיכאָ־לאָגיע ווערט טראַקטירט מיט אַן אָפענער האַרבקייט און אכזריות,— דעם בוך פעלט יעדעס גוטמיטיקע וואָרט... דאָס אַלץ שאַפט אָפּרו; ווער איז לסוף משער, וואָסאַר מין אָפּרו עס מאַכט נויטיק אַזאַ פאַרשווענדונג פון גוטקייט, ווי עס איז דער זאַראַטוסטראַ?... טעאָלאָגיש גערעדט — הערט זיך צו, ווייל איך רעד זעלטן ווי אַ טעאָלאָג — איז עס געווען גאָט אַליין, וועלכער האָט זיך געלייגט ווי אַ שלאַנג ביים סוף פון זיין טאָג־שאַפונג אונטער דעם בוים פון דערקענטניש: ער האָט זיך אָפּגערוט פון צו זיין גאָט... ער האָט אַלץ געמאַכט צו שיין... דער טייוול איז בלויז דאָס ליידיקגיין פון גאָט יעדן זיבעטן טאָג...

## גענעאַלאָגיע פון דער מאראל. א פאלעמישע שריפט.

די דריי אָפּהאַנדלונגען, פון וועלכע דידאָזיקע גענע־אַלאָגיע באַשטייט, זענען אפשר אין פּרט פון אויסדרוק, כוונה און קונסט פון איבערראַשונג דאָס אומהיימלעכסטע, וואָס איז ביז־אַהער געשריבן געוואָרן. דיאָניזאָס איז, מ'ווייסט דאָס, אויך דער

*) Czar — צעזאַר (דער איבערז.)

גאָט פון פינסטערניש. יעדעס מאָל אַן אָנהויב, וואס זאָל פאַרפירן, קאַלט, וויסנשאַפטלעך, איראָניש אפילו, בכיוון פאָדערגרונט, בכיוון אויפהאַלטנדיק. איינציקווייז מער אומרו; פון צייט צו צייט בלי־צונגען; זייער אומאַנגענעמע אמתן לאָזן זיך הערן פונדערווייטנס מיט אַ דומפיק געברומעריי, — ביז ענדלעך ס'איז דערגרייכט אַ TEMPO FEROCE, ווו אַלץ יאָגט פאָרויס מיט אַן אומגעהויערער געשפּאַנטקייט. יעדעס מאָל צום סוף ביי פולקום אימהדיקע דונערן ווערט אַ נייער אמת צווישן געדיכטע וואָלקנס געזען.—
דער אמת פון דער ערשטער אָפּהאַנדלונג איז די פסיכאָלאָגיע פון דעם קריסטנטום: די אַנטשטייונג פון קריסטנטום אויס דעם גייסט פון רעסענטימענט, נישט, ווי מגלויבט אפנים, פון דעם „גייסט”, — לויט איר וועזן אַ קעגן־באַוועגונג, דער גרויסער אויפשטאַנד קעגן דער הערשאַפט פון פאָרנעמע ווערטן.
די צווייטע אָפּהאַנדלונג גיט די פסיכאָלאָגיע פון געוויסן: דאָסזעלבע איז נישט, ווי מ'גלויבט אפנים, „גאָטס שטים אין מענטש”,—עס איז דער אינסטינקט פון אכזריות, וועלכער קערט זיך אויף אינעווייניק, נאָכדעם ווי ער קאָן זיך נישט מער אויסלאָדן אויף דרויסן. די גרויזאַמקייט ווי איינע פון די עלטסטע קולטור־באַזיסן, וואָס זענען נישט אַוועקצומאַכן, דאָ צום ערשטן מאָל באַלויכטן. די דריטע אָפּהאַנדלונג גיט דעם ענטפער אויף די פראַגע, פונוואַנען עס שטאַמט די אומגעהויערע מאַכט פון אַסקעטישן אידעאַל, פון פריסטער־אידעאַל, הגם דערדאָזיקער איז דער שעדלעכער אידעאַל PAR EXCELLENCE, אַ ווילן צום סוף, אַ דעקאַדאַנס־אידעאַל. ענטפער: נישט, ווייל גאָט איז טעטיק הינטער די פריסטער, ווי מ'גלויבט אפנים, נאָר FAUTE DE MIEUX, — ווייל ער איז געווען ביזאהער דער איינציקער אידעאַל,

ווייל ער האָט קיין שום קאָנקורענט נישט געהאַט. „וואָרים דער מענטש וויל ליבערשט נאָך דעם גאָרנישט וועלן, איידער נ י ש ט וועלן"... קודם־כל האָט געפעלט אַ ה י פּ ן ־ א י ד ע אַ ל — א י נ ג אַ נ צ ן ב י ז צ ו ז א ר אַ ט ו ס ט ר א. — מ'האָט מיך פאַרשטאַנען. דריי אנטשיידנדע פאָראַרבעטן פון אַ פּסיכאָלאָג צו אַן איבערראַשונג פון אַלע ווערטן. — דאָסדאָזיקע בוך אַנטהאַלט די ערשטע פּסיכאָלאָגיע פון דעם פּריסטער.

## געצן־בין־השמשות. וויאַזוי מ'פילאָזאָפירט מיט דעם האַמער.

דידאָזיקע שריפט פון נישט גאַנצע 150 זייטן, הייטער און פאַטאַל אין טאָן, אַ דעמאָן, וואָס לאַכט, דאָס ווערק פון אַזוי ווייניק טעג, אַז איך זשעניר מיך אָנצוגעבן זייער צאָל, איז בכלל צווישן ביכער אַן אויסנאַם: נישט פאַראַן עפּעס אינהאַלטרייכערס, אומאָפּהענגיקערס, אומשטירצנדיקערס,—בייזערס. אויב מ'וויל זיך אויף גיך מאַכן אַ באַגריף, וויאַזוי אַלץ איז פאַר מיר געשטאַנען אויפן קאָפּ, זאָל מען אָנהויבן מיט דער שריפט. וואָס עס הייסט ג ע ץ אויף דעם טיטל־בלאַט, איז גאַנץ איינפאַך דאָס, וואָס איז ביזאַהער אָנגערופן געוואָרן אמת. ג ע צ ן ־ ב י ן ־ ה ש מ ש ו ת — אויף אונזער לשון: עס קומט דער סוף צום אַלטן אמת...

2. נישטאָ קיין רעאַליטעט, קיין „אידעאַליטעט", וועלכע זאָל אין דערדאָזיקער שריפט נישט באַרירט ווערן (—באַרירט: וואָסאַר פאָרזיכטיקער עופעמיזם!...). נישט בלויז די א י י ב י ק ע געצן, אפילו די גאַר יונגסטע, במילא די לעבנסשוואַכסטע. די „מאָדערנע אידעען" למשל. אַ גרויסער ווינט בלאָזט צווישן די ביימער, און אומעטום פאַלן פּירות אַראָפּ — אמתן. עס איז

דערין די פאַרשוווּנדונג פון אַ גאָר רייכן האַרבסט: דער פּוס שטויסט זיך אָן אין אמתן, מאַנכע ווערן צעטרעטן אויף טויט, — זיי זענען דאָ צו פיל... דאס, וואָס מ'באַקומט אָבער אין די הענט אַריין, דאס איז נישט מער עפּעס פּראָבלעמאַטישעס, דאס זענען אַנטשיידונגען. איך ערשט האָב אין דער האַנט די מאָס פאַר „אמתן", איך ערשט קאָן אַנטשיידן. גלייך ווי עס וואָלט אין מיר אויסגעוואַקסן אַ צווייט באַוווּסטזיין, גלייך ווי אין מיר וואָלט „דער ווילן" פאַר זיך אַ ליכט אָנגעצונדן איבער דעם קרומען וועג, אויף וועלכן ער איז ביז אַהער געלאָפן אַראָפּ... דער קרומער וועג — מ'האָט אים גערופן דעם וועג צום „אמת"... עס איז אַ סוף מיטן גאַנצן „טונקעלן דראַנג", דער גוטער מענטש גראָד האָט צום ווייניקסטן געוווּסט דעם רעכטן וועג... און גאַנץ ערנסט גערעדט, קיינער האָט נישט געוווּסט פאַר מיר דעם רעכטן וועג, דעם וועג אַרויף. ערשט פון מיר אָן זענען פאַראַן ווידער האָפענונגען, אויפגאַבן, וועגן, וואָס דאַרפן אָנגעצייכנט ווערן דער קולטור — איך בין זייער פריי־דיקער אָנזאָגער... גראָד דערפאַר בין איך אויך אַ שיקזאַל. — —

3. גלייך נאָך דעם פאַרענדיקן דאס נאָר־וואָס אָנגערופענע ווערק איז נישט פאַרלירנדיק צומאָל קיין טאָג, בין איך צו־געטרעטן צו דער אומגעהויערער אויפגאַבע פון דער איבער־שאַצונג, מיט אַ קעניגלעך געפיל פון שטאָלץ, וואס קיין זאַך קאָן זיך צו אים נישט גלייכן, יעדן אויגנבליק זיכער אין מיין אומשטערבלעכקייט און מיט דער זיכערקייט פון אַ גורל קריצנדיק אות נאָך אות אויף קופּערנע לוחות. דאס פאָרוואָרט איז אַנט־

שטאָנען דעם 3־טן סעפּטעמבער 1888: ווען איך בין אינדערפרי,
נאָכן אויפשרייבן, ארויס אין דרויסען, האָב איך געזעהאַט פאַר מיר
דעם שענסטן טאָג, וואס אויבער־ענגאַדין האָט מיר ווען איז גע־
וויזן — לויטער, גליענדיק אין די פאַרבן, אנטהאַלטנדיק אין זיך
אַלע קאָנטראַסטן, אַלע איבערגענג צווישן צפון און דרום. — ערשט
דעם 20־טן סעפּטעמבער האָב איך פאַרלאָזט סילס־מאַריאַ, זייענ־
דיק צוליב פאַרפלייצונגען אויפגעהאַלטן און צום סוף דער איינ־
ציקער גאַסט בכלל פונם דאָזיקן וואונדערבאַרן אָרט, וועלכן מיין
געפיל פון דאַנקבארקייט וויל שענקען די מתּנה פון אַן אומ־
שטערבלעכן נאָמען. נאָך אַ נסיעה מיט סבּורת, אפילו מיט
לעבנס־געפאַר אין פאַרפלייצטן קאָמאָ, וואַדהין איך האָב דער־
גרייכט ערשט שפּעט אינדערנאַכט, בין איך אָנגעקומען מיטאָגצייט
דעם 21־טן קיין טורין, מיין אויסגעפּרוּווט אָרט, מיין רעזידענץ
פון איצטער אָן. איך האָב גלייך גענומען צוריק דיזעלבע וווינונג,
וואס איך האָב פאַרנומען אין פרילינג, VIA CARLO ALBERTO
III, 6, קעגנאיבער דעם אומגעהויערן PALAZZO CARIGNANO,
אין וועלכן איז געבוירן געוואָרן VITTORIO EMANUELE, מיט
דעם אַרויסבליק אויף די PIAZZA CARLO ALBERTO און ווייטער
אַרויס אויף די בערג. אָן וואַקלעניש און קיין אויגנבליק נישט
לאָזנדיק זיך אָפּציען, האָב איך מיך ווייטער גענומען צו דער
אַרבעט: עס איז נאָר געבליבן צו מאַכן דאס לעצטע פערטל פון
ווערק. דעם 30־טן סעפּטעמבער גרויסער נצחון; זיבעטער טאָג;
אַ גאָטס ליידיקגיין לענגאויס די ברעגעס פון פאָ. אין זעלבן טאָג
האָב איך נאָך אָנגעשריבן דאָס פאָרוואָרט צו „געצן־בין־
השמשות", וועמענס דרוקבויגנס צו קאָריגירן איז געווען מיין
אָפּרו אין סעפּטעמבער. — איך האָב קיינמאָל אַזאַ האַרבסט

נישט איבערגעלעבט, אויך קיינמאָל נישט געהאַלטן עפּעס ענלעכס פאַר מעגלעך אין דער וועלט, — אַ CLAUDE LORRAIN אין דער אומענדלעכקייט געדאַכט, יעדער טאָג — פון גלייכער אומענדלעכער פולקומענהייט. —

**דער פאל וואגנער. א מוזיקאנטן־פּראבלעם.** כּדי געהערכט צו ווערן לגבי דערדאָזיקער שריפט, מוז מען ליידן צוליב דעם שיקזאל פון דער מוזיק ווי פון אַן אָפענער ווונד. — פון וואס איך לייד, ווען איך לייד צוליב דעם גורל פון דער מוזיק? דערפון, וואס די מוזיק האָט פארלוירן איר וועלט־דערלייזנדיקן, יאָ־זאָגנדיקן כאַראַקטער, וואס זי איז דעקאַדאַנס־מוזיק און נישט מער די פלייט פון דיאָניזאָס... וויבאלד אָבער איינער זאָל פילן דעם ענין מוזיק פונקט ווי זיין אייגענעם ענין, ווי זיין אייגענע ליידנס־געשיכטע, וועט ער געפינען דידאָזיקע שריפט פאַר פול מיט אײנזוען און איבער די מאָס מילד. אין אַזעלכע פאלן לוסטיק זיין און זיך גוטמיטיק אינאיינעם אויסחוזקן — VERUM DICERE ,RIDENDO DICERE SEVERUM ווו דער וואָלט באַרעכטיקט יעדע הזיבקייט – דאָס איז די הומאַניטעט אַליין. ווער צווייפלט אײגנטלעך דערין, אַז איך, דער אַלטער אַרטילעריסט, וואס איך בין, קאָן אַרויסרוקן קעגן וואַגנערן מיין שווערע אַרטילעריע? – איך האָב ביי מיר צוריקגעהאַלטן אַלדאָס אַנטשיידנדע אין דערדאָזיקער זאַך, — איך האָב וואַגנערן ליב געהאַט. — איבעריקנס ליגט אין דעם זין און אויפן וועג פון מיין אויפגאַבע אַן אַנגריף אויף אַ פיינערן „אומבאַקאַנטן", וואָס אַן אַנדערער וועט אים נישט לייכט דערטאַפּן — אָ, איך האָב נאָך אַנדערע „אומבאַקאַנטע" אויפצודעקן,

איידער אַ קאַליאָסטראָ פון דער מוזיק — נאָך מער במילא אַן
אָנגריף אויף דעם אין גייסטיקע ענינים אַלץ פוילער און אינס־
טינקט־אָרימער, אַלץ ע ר ל ע כ ע ר ווערנדיקן דייטשן פאָלק, וועלכעס
האַלט אין איין נערן זיך מיט קעגנזאַצן מיט אַן אַפּעטיט, וואס
איז מקנא צו זיין, און שלינגט אַראָפּ אָן מאָגן־פאַרדאַרבונג
„דעם גלויבן" פונקט ווי די וויסנשאַפטלעכקייט, די „קריסטלעכע
ליבע" פונקט ווי דעם אַנטיסעמיטיזם, דעם ווילן צו מאַכט (צו
דער „אימפעריע") פונקט ווי דאָס EVANGILE DES HUMBLES...
דערדאָויקער מאַנגל אין פאַרטייישקייט צווישן קעגנזאַצן! דידאָזיקע
מאָגן־נייטראַלקייט און „אומעגאָיסטישקייט"! דערדאָזיקער גערעכ־
טער זין פון דייטשן ג ו מ ע ן, וועלכער גיט אַלעם גלייכע רעכט, —
וועלכער געפינט אַלץ פאַר געשמאַק... אָן שום ספק, די דייטשן
זענען אידעאַליסטן... ווען איך האָב דאָס לעצטע מאָל באַזוכט
דייטשלאַנד, האָב איך געטראָפן דעם דייטשן געשמאַק באַמיען
זיך צו אָנערקענען גלייכע רעכט פאַר וואַגנערן און דעם טראָמ־
פייטער פון זעקינגען; איך גופא בין געווען אַן עדות, ווי אין
לייפּציק האָט מען לכבוד איינעם פון די עכטסטע און דייטשסטע מוזי־
קער, אין אַלטן זין פון וואָרט דייטש, נישט בלויז אַן אימפעריע־דייטש,
לכבוד דעם מייסטער ה י י נ ר י ך ש ו ץ געגרינדעט אַ ליסט־
פאַריין מיטן צוועק צו פלעגן און פאַרשטפּרייטן כיטרע*) קירכן־
מוזיק... אָן שום ספק, די דייטשן זענען אידעאַליסטן...

2. אָבער דאָ זאָל מיר קיין זאַך נישט שטערן גראָב צו ווערן
און זאָגן די דייטשן אַ פּאָר האַרבע אמתן: ו ו ע ר ט ו ט ע ס

*) ווערטער־שפּיל פון Liszt און listig (דער איבערז.)

דען? — איך רעד וועגן זייער אומציכטיקייט IN HISTORICIS, נישט נאָר, וואס די דייטשע היסטאָריקער האָבן אינגאַנצן פאַר־לוירן דעם גרויסן בליק פאַר דעם גאַנג, פאַר די ווערטן פון דער קולטור, וואס זיי זענען אַלע צוזאַמען קאָמעדיאַנטן פון דער פּאָליטיק (אָדער פון דער קירכע —): זיי האָבן דעמדאָזיקן גרויסן בליק אפילו מחרים געווען. מ'מוז פאַר אַלץ זיין „דייטש", „ראַסע", דאַמאָלס קאָן מען אַנטשיידן וועגן אַלע ווערטן און נישט־ווערטן IN HISTORICIS — מ'שטעלט זיי איין... „דייטש" איז אַן אַרגומענט, „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלץ" אַ פּרינ־ציפּ, די גערמאַנען זענען די „עטישע וועלטאָרדנונג" אין דער גע־שיכטע; אין באַצוג צום IMPERIUM ROMANUM די טרעגער פון פרייהייט, אין באַצוג צום אַכצעטן יאָרהונדערט די אויפריכטער פון דער מאָראַל, פון דעם „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו"... עס איז פאַראַן אַן אימפּעריע־דייטשע היסטאָריאָגראַפיע, עס איז פאַראַן, האָב איך מורא, אפילו אַן אַנטיסעמיטישע, — עס איז פאַראַן אַ הויף־היסטאָריאָגראַפיע אין הער פאָן טרייטשקע שעמט זיך נישט... נישט לאַנג איז אַדורך אַלע דייטשע צייטונגען ווי אַן „אמת" אַ מיינונג פון אַ אידיאָט IN HISTORICIS, אַ טעזע פון צום גליק פאַרשטאָרבענעם עסטעטישן שוואַב פּישער, מיט וועל־כער יעדער דייטש מוז מסכּים זיין: „די רענעסאַנס און די רעפאָרמאַציע, ביידע צוזאַמען שאַפן ערשט איין גאַנצעס — די עסטעטישע ווידערגעבורט און די עטישע ווידערגעבורט". — ביי אַזעלכע טעזן פּלאַצט מיין געדולד, און איך שפּיר אַ חשק, איך פיל עס אפילו ווי אַ פליכט, צו זאָגן איינמאָל די דייטשן, וואס זיי האָבן שוין אַלץ אויפן געוויסן. אַלע גרויסע קולטור־פאַרברעכנס פון פיר יאָרהונדערטער האָבן

זיי אויפן געוויסן!... און אַלעמאָל מחמת דעמזעלבן טעם, מחמת זייער אינערלעכסטער פחדנות פאַר דער ווירקלעכ־קייט, וועלכע איז אויך די פחדנות פאַר דעם אמת, מחמת זייער נישטוואָרהאַפטיקייט, וועלכע איז געוואָרן ביי זיי אינסטינקט, מחמת „אידעאַליזם“... דורך די דייטשן האָט אייראָפּע פאַרלוירן די שניט־איינזאַמלונג, דעם זין פון דער לעצטער גרויסער צייט, דער רענעסאַנס־צייט, אין אַ מאָמענט, ווען אַ העכערע אָרדנונג פון די ווערטן, ווען די פאָרנעמע, די צום לעבן יאָ־זאָגנדיקע, די צוקונפט־גאַראַנטירנדיקע ווערטן האָבן דערגרייכט צום זיג אויפן אָרט פון די היפכדיקע, די ירידה־ווערטן — און ביז די אינסטינקטן אַריין פון יענע, וואָס זענען דאָרט געזעסן! לוטער, דער דאָזיקער פאַטאַלער גלח, האָט די קירכע און, וואָס ס'איז טויזנט מאָל ערגער, דאָס קריסטנטום אויפגעריכט, אינעם מאָמענט, ווען עס איז געווען באַ־זיגט... דאָס קריסטנטום, די דאָזיקע פאַרניינונג פון ווילן צום לעבן, וואָס איז אַ רעליגיע געוואָרן!... לוטער, אַן אוממעגלעכער גלח, וועלכער איז מחמת זיין „אוממעגלעכ־קייט“ אָנגעפאַלן אויף די קירכע און זי — ממילא! — אויפגעריכט... די קאַטוילן וואָלטן געהאַט אַ גרונט לוטער־ימים־טובים צו פייערן, לוטער־טעאַטער־שטיק צו פאַרפאַסן... לוטער און די „עטישע ווידער־געבורט“! צו אַלדע רוחות די גאַנצע פסיכאָלאָגיע! — אָן ספק, די דייטשן זענען אידעאַליסטן. — די דייטשן האָבן צוויי מאָל, ווען ס'איז גראָד געהאַט דערגרייכט געוואָרן מיט אומגעהויערן מוט און זעלבסט־באַצווינגונג אַ רעכטבאַשאַפענע, אַ נישט־צוויידייטיקע, אַ פולקום וויסנשאַפטלעכע דענקאַרט, געוווסט צו געפינען אומוועגן צום אַלטי „אידעאַל“, אויסאייניקונג צווישן אמת און „אידעאַל“, אין

גרונט פאָרמולעס אויף אַ רעכט אָפּצוואַרפן די וויסנשאַפט, אויף אַ רעכט אויף ש ק ר. לייבניץ א ו ן קאַנט — אָט די צוויי גרויסע מניעות פון אייראָפּעס אינטעלעקטועלער רעכטבאַשאַפנקייט! — ווען אויף דער בריק צווישן צוויי דעקאַדאַנס־יאָרהונדערטן האט זיך אַ FORCE MAJEURE פון זשעני און ווילן באַוויזן, וואָס איז געווען גענוג שטאַרק, כדי פון אייראָפּע אַן איינהייט, אַ פּאָ־ליטישע און ווירטשאַפטלעכע איינהייט צו שאַפן צום צוועק פון וועלט־הערשאַפט, האט אייראָפּע לסוף דורך די דייטשן מיט זייערע „פרייהייט־מלחמות" פאַרלוירן דעם זין, דאס וווּנדער פון זין אין דער עקזיסטענץ פון נאַפּאָלעאָן, — זיי האָבן דאַדורך אויף דעם געוויסן דאָס, וואס איז געקומען, וואס איז היינט דאָ, די־דאָזיקע ק ו ל ט ו ר ־ ד ע ר ו ו י ד ע ר ד י ק ס ט ע קראַנקהייט און אומזיניקייט, וואס איז פאַראַן, דעם נאַציאָנאַליזם, דידאָזיקע NEVROSE NATIONALE, אויף וועלכער אייראָפּע איז קראַנק, דידיזיקע פאַראייביקונג פון אייראָפּעס סיסטעם פון קליינע מלוכהלעך, פון דער ק ל י י נ ע ר פּאָליטיק: דורך זיי האָט אייראָפּע גופא פאַרלוירן איר זין, איר ש כ ל — זיי האָבן זי פאַרשלעפּט אין אַ גאַס אָן אויסגאַנג. — ווייסט עמעצער אַ חוץ מיר אַ וועג פון דערדאָזיקער גאַס אַרויס?... אַן אויפגאַבע, וואס איז גענוג גרויס, די פעלקער צוריק צו פ אַ ר י י נ י ק ן?...

3. און סוף־כל־סוף, פאַרוואס וואָלט איך נישט געדאַרפט אַ ויסזאָגן מיין חשד? די דייטשן וועלן אויך אין מיין פאַל זיך ווידער באַמיען מיט אַלע כחות, כדי צו געבוירן פון אַן אומגע־היוער שיקזאַל אַ מויז. זיי האָבן זיך ביז אַצינד אין מיר קאָמ־פּראָמיטירט, איך צווייפל, אַז זיי זאָלן עס אין דער צוקונפט בעסער

מאַכן. אַך, ווי עס וויל זיך מיר דאָ זיין אַ שלעכטער נביא!...
מיינע נאַטירלעכע לייענער און הערער זענען איצט שוין רוסן,
סקאַנדינאַווער און פראַנצויזן, — וועלן זיי עס וואָס אַמאָל מער זיין? —
די דייטשן זענען אין דער געשיכטע פון דער דערקענטניש מיט
לויטער צווייִדייטיקע נעמען פאַרשריבן, זיי האָבן אַלעמאָל בלויז
„אומבאַוווּסטזיניקע" מטבע־פעלשער אַרויסגעגעבן (— פאַר פיכטע,
שעלינג, שאָפּענהויער, העגעל, שלייערמאַכער פּאַסט דאָסדאָזי־
וואָרט אַזוי גוט, פּונקט ווי פאַר קאַנט און לייבניץ; זיי זענען אַלע
נאָר שלייער־מאַכערס —): זיי זאָלן קיינמאָל נישט האָבן דעם
כבוד, אַז דער ערשטער רעכטבאַשאַפענער גייסט אין דער
געשיכטע פון גייסט, דער גייסט, אין וועלכן דער אמת טראָגט
אַרויס זיין משפט איבער די מטבע־פעלשונג פון פיר יאָרטויזנטער,
זאָל אין איינס צונויפגעמישט ווערן מיטן דייטשן גייסט. דער
„דייטשער גייסט" איז מיין שלעכטע לופט: איך אָטעם שווער
אין דער נאָענט פון דער דאָזיקער אינסטינקט געוואָרענער אומ־
ציכטיקייט IN PSYCHOLOGICIS, וואָס יעדעס וואָרט, יעדע תנועה
פון אַ דייטש זאָגט עדות וועגן איר. זיי האָבן קיינמאָל נישט אַ
זיבנצענט יאָרהונדערט פון האַרטער זעלבסטפּרוּווונג אַדורכגע־
מאַכט אַזוי ווי די פראַנצויזן, — אַ לאַראָשפוקאָ, אַ דעקאַרט שטייען
הונדערט מאָל העכער אין פּרט פון רעכטבאַשאַפנקייט פון די
אויבערשטע דייטשן, — זיי האָבן נאָך ביז היינט נישט געהאַט
קיין איין פּסיכאָלאָג. אָבער פּסיכאָלאָגיע איז כמעט די מאָס פאַר
ריינלעכקייט אָדער אומריינלעכקייט פון אַ ראַ־
סע... און ווען מ'איז צומאָל נישט ריין, ווי זאָל מען האָבן טיפ־
קייט? מ'קומט ביי דעם דייטש כמעט אַזוי ווי ביי דער פרוי
קיינמאָל נישט אויפן גרונט, ער האָט אינגאַנצן נישט

אַ ז ע ל כ ן: דאס איז אַלץ. אָבער דערמיט איז מען נאָך צומאָל נישט פלאַך. — דאס, וואָס עס הייסט אין דייטשלאַנד „טיף", איז געגוי דידאָזיקע אינסטינקט־אומזויבערקייט קעגן זיך, פון וועלכער איך רעד גראָד. מען וו י ל נישט זיין קלאָר איבער זיך. צי וואָלט איך נישט געדאַרפט פאָרשלאָגן דאס וואָרט „דייטש" אַלס אינטערנאַציאָנאַלע מאָנעטע פאַר ד ע ר ד אָ ז י ק ע ר פסיכאָלאָגי־שער פאַרדאָרבנקייט? — אינם איצטיקן מאָמענט למשל רופט עס אָן דער דייטשער קייזער זיין „קריסטלעכע פליכט" צו באַפרייען די שקלאַפן אין אַפריקע: צווישן אונז אַ נ ד ע ר ע אייראָפּעער וואָלט דאס פשוט געהייסן „דייטש"... צי האָבן די דייטשן אפילו נאָר איין אייציק בוך געשאַפן, וואס זאָל פאַרמאָגן טיפקייט? אפילו דער באַגריף דערפאַר, וואס עס איז טיף אין אַ בוך, פעלט זיי. איך האָב געלערנטע קענען געלערנט, וועלכע האָבן געהאַלטן קאַנטן פאַר טיף; אויפן פרייסישן הויף האַלט מען הער פאָן טרייטשקע פאַר טיף; און אַז איך רום ביי אַ געלעגנהייט סטענדהאַל פאַר אַ טיפן פסיכאָלאָג, פאַסירט מיר, אַז דייטשע אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן הייסן מיך דעם נאָמען בוכשטאַבירן...

4. און פאַרוואָס זאָל איך נישט גיין ביזן סוף? איך האָב ליב דעם טיש אָפּצוראַמען. עס געהערט אפילו צו מיין שטאָלץ אָנצוגיין פאַר אַ פאַראַכטער פון די דייטשן PAR EXCELLENCE. מיין אומצוטרוי צו דעם דייטשן כאַראַקטער האָב איך שוין צו זעקסאונצוואַנציק יאָר אויסגעדריקט (דריטע נישטצייטמעסיקע באַטראַכטונג ז. 71) — די דייטשן זענען פאַר מיר אומדערטרעגלעך. ווען איך דענק מיר אויס אַ מענטש, וואָס איז דערווידער אַלע מיינע אינסטינקטן, קומט אַלעמאָל דערפון אַרויס אַ

דייטש. דאס ערשטע, אויף וואס איך „פּרווו די נירן” פון אַ מענטש' איז, צי ער האָט אין לײַב אַ געפיל פאַר דיסטאַנץ, צי ער זעט אומעטום ראַנג, גראַד, אָרדנונג צווישן מענטש און מענטש, צי ער דיסטינגירט: דערמיט איז מען GENTILHOMME; אין יעדן אַנדערן פאַל געהערט מען האָפנונגלאָז צו דעם גרויסמוטיקן, אַך! אַזוי גוטמוטיקן באַגריף פון CANAILLE. אָבער די דייטשן זענען CANAILLE — אַך! זיי זענען אַזוי גוטמוטיק... מען דערני־דעריקט זיך דורך דעם פאַרקער מיט די דייטשן: דער דייטש שטעלט גלייך... נישט רעכענענדיק מײַן פאַרקער מיט איייניקע קינסטלער, פאַר אַלעם מיט ריכאַרד וואַגנער, האָב איך קיין איין גוטע שעה נישט געלעבט מיט דייטשן... ווען עס זאָל זיך למשל באַווײַזן צווישן די דייטשן דער טיפסטער גײַסט פון אַלע יאָרטויזנטער, וואָלט זיך עפּעס אַ רעטערין פון קאַפּיטאָל גע־קאָנט אויסדוכטן, אַז איר זייער מיאוסע נשמה קומט אויך לכל הפחות אַרײַן אין באַטראַכט... איך פאַרטראָג נישט דיזאָזיקע ראַסע, מיט וועלכער מ'איז שטענדיק אין שלעכטער געזעלשאַפט, וועלכע האָט קיין פינגער נישט פאַר NUANCES – ווי מיר! איך בין אַ NUANCE —, וועלכע האָבן נישט קיין ESPRIT אין די פיס און קאָנען צומאָל נישט גיין... די דייטשן האָבן סוף־כל־סוף גאָר קיין פיס נישט, זיי האָבן בלויז סטאָמפּאַלעס... די דייטשן פעלט יעדער באַגריף וועגן דעם, ווי פּראָסט זיי זענען, אָבער דאס איז די העכסטע מדרגה פון פּראָסטקייט, — זיי שעמען זיך אפילו נישט צו זײַן בלויז דייטשן... זיי רעדן איבער אַלץ מיט, זיי האַלטן זיך אַליין פאַר אַנטשיידנד, איך האָב מורא, זיי האָבן שוין אפילו איבער מיר אַנטשידן... מײַן גאַנץ לעבן איז דער באַווײַז DE RIGUEUR פאַר אָט דיזאָזיקע באַהויפּטונגען. אומזיסט וועל איך

דערין נאָכזוכן אַ שפּור פֿון טאַקט, פֿון DELICATESSE לגבי מיר, מצד יידן — יאָ, נאָך קיינמאָל נישט מצד דייטשן. מיין נאַטור פֿאַרלאַנגט עס, איך זאָל זיין אַנטקייגן יעדן מילד און גוטגינענדיק־ איך האָב אַ ר ע כ ט דערצו, נישט צו מאַכן קיין אונטערשידן —: דאס שטערט מיר נישט צו האָבן אָפענע אויגן. איך מאַך נישט קיין אויסנאַם פֿאַר קיינעם, צום ווינציקסטן פֿאַר מיינע פריינט, — איך האָף סוף־כּל־סוף, אַז מיין הומאַניטעט לגבי זיי האָט דערפֿון גאָרנישט פֿאַרלוירן. עס זענען פֿאַראַן פינף, זעקס זאַכן, פֿון וועלכע איך האָב מיר אַלעמאָל געמאַכט אַ פראַגע פֿון ערע. — נישט געקוקט דערויף, בלייבט עס אַן אמרת, אַז כּמעט יעדן בריוו, וואס איך באַקום זייט יאָרן, עמפינד איך ווי אַ ציניזם; עס איז דאָ מער ציניזם אין דער גוטגינונג לגבי מיר, ווי אין וועלכן עס איז האַס... איך וועל עס זאָגן יעדן פֿון מיינע פריינט אין פּנים אריין, אַז ער האָט עס קיינמאָל נישט געהאַלטן פֿאַר גענוג די מי ווערט צו ש ט ו ד י ר ן וועלכעס איז פֿון מיינע ווערק. איך דערקען עס אין די קלענסטע סימנים, אַז זיי ווייסן צומאָל נישט, וואס דאָרט שטייט... וואס שייך גאָר מיין זאַראַטוסטראַ, איז ווער פֿון מיינע פריינט האָט מער דערין געזען ווי אַן אומדערלויבטע, צום גליק פֿולשטענדיק נישט־אינטערעסאַנטע פרעכהייט?... צען יאָר: און קיינער אין דייטשלאַנד האָט זיך נישט געמאַכט דערפֿון אַ געוויסנס־חוב צו פֿאַרטיידיקן מיין נאָמען קעגן דעם אַבסורדן שטילשווייגן, אונטער וועלכן ער איז געלעגן פֿאַרגראָבן. אַן אויס־לענדער איז דאס געווען, אַ דענער, וועלכער האָט צום ערשטן גע־האַט דערצו גענוג אינסטינקט־פיינקייט און מוט און איז גע־וואָרן אויפגעבראַכט קעגן מיינע כּלומרשטע פריינט... אין וועלכן דייטשן אוניווערזיטעט וואָלטן היינט־צו־טאָג מעגלעך געווען פֿאַר־

לעזונגען איבער מיין פילאָזאָפיע, ווי עס האָט זיי אין לעצטן פריילינג
אין קאָפּנהאַגען געהאַלטן ד"ר געאָרג בראַנדעס, מער דערמיט
נאָכאַמאָל אַן אויסגעפּרווטער פּסיכאָלאָג? — איך גופא האָב קיינ-
מאָל נישט פון דעם אַלעם געליטן; דאס נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק ע
באַליידיקט מיך נישט; AMOR FATI איז מיין אינערלעכסטע נאַטור.
דאָסדאָזיקע שליסט אָבער נישט אויס, אַז איך האָב ליב די אי-
ראָניע, אפילו די וועלט-היסטאָרישע איראָניע. און אַזוי האָב
איך, צוויי יאָר אומגעפער פאַר דעם צעשמעטערנדיקן דונער פון
דער א י ב ע ר ש אַ צ ו נ ג, וואָס וועט די ערד מאַכן ציטערן, אין די
וועלט אַרויסגעשיקט „דעם פאַל וואַגנער": די דייטשן זאָלן
נאָכאַמאָל אין מיר זיך אומשטערבלעך טועה זיין און פאַר-
א י י ב י ק ן! עס איז נאָך גראָד צייט דערצו! — איז עס דער-
גרייכט? — אַנטציקנד, מיינע הערן גערמאַנער! איך באַגריס
איין...

פאַרוואָס איך בין אַ שיקזאַל. איך קען מײַן גורל.
אַמאָל וועט מיט מײַן נאָמען זײַן פאַרבונדן די דערינערונג אין
עפּעס אומגעהויערס — אין אַ קריזיס, ווי עס איז אַזעלכער קיינ-
מאָל נישט געווען אויף דער ערד, אין דעם טיפסטן געוויסן-צוזאַ-
מענשטויס, אין אַן אַנטשיידונג, אַרויסגערופן ק ע ג ן אַלץ, וואָס איז
ביז דאַמאָלס געוואָרן געגלויבט, געפאָדערט, געהייליקט. איך בין
נישט קיין מענטש, איך בין דינאַמיט. — און בײַ דעם אַלעם איז
גאָרנישט דאָ אין מיר פון אַ רעליגיע-גרינדער — רעליגיעס זענען
אַ ענין פון המון, איך מוז מיר די הענט וואַשן נאָך דער באַרי-
רונג מיט רעליגיעזע מענטשן... איך וו י ל קיין שום „גלויביקע"
נישט, איך מיין, איך בין צו ביזהאַפט, אַז איך זאָל אין מיר
אַליין גלויבן, איך רעד קיינמאָל נישט צו די מאַסן... איך האָב
שרעקלעך מורא, מ'זאָל מיך נישט אַמאָל דערקלערן פאַר ה י י ל י ק:
איר וועט משער זײַן, פאַרוואָס איך לאָז פ ר י ע ר אַרויס דאָסדאָ-
זיקע בוך, עס זאָל פאַרהיטן, אַז מיט מיר זאָל נישט געטון ווערן
אומרעכטס... איך וויל נישט זײַן קיין הייליקער, ליבערשט נאָך
אַ לץ... אפשר בין איך אַ לץ... און טראָצדעם אָדער גיכער
נ י ש ט טראָצדעם — ווײַל עס איז נישט געווען פאַראַן ביזאַהער
עפּעס שקרדיקערס ווי הייליקע — רעדט אויס מיר דער אמת. —
אָבער מײַן אמת איז ש ר ע ק ל ע ך: ווײַל ביז הײַנט האָט גע-

הייסן דער שקר אמת. — איבערשאַצונג פון אַלע
ווערטן: דאס איז מיין פאָרמולע פאַר אַן אַקט פון העכסטער
זעלבסטבאַזינונג פון דער מענטשהייט, וועלכער איז געוואָרן אין
מיר פלייש און זשעני. דער גורל מיינער וויל, אַז איך זאָל זיין
דער ערשטער אנשטענדיקער מענטש, אַז איך זאָל מיך
פילן אין קעגנזאַץ צו דעם שקר פון יאָרטויזנטער... איך ערשט
האָב דעם אמת אַנטדעקט, דאַדורך, וואס איך האָב דעם
שקר אַלס שקר עמפונדן — דערשמעקט... מיין זשעני איז
אין מיינע נאָזלעכער... איך נעגיר, ווי עס איז קיינמאָל נישט נע-
גירט געוואָרן, און בין טראָצדעם דער היפך פון אַ ניין-זאָגנדיקן
גייסט. איך בין אַ פריידיקער אָנזאָגער, ווי אַזעלכער
איז קיינמאָל נישט געווען, איך קען אויפגאַבן פון אַ הויך, וואס
דער באַגריף האָט ביז אַהער געפעלט דערפאַר; ערשט פון מיר אָן
זענען ווידער פאַראַן האָפענונגען. ביי דעם אַלעם בין איך אומ-
באַדינגט אויך דער מענטש פון פאַטום. ווייל ווען דער אמת
וועט פאַרפירן אַ מלחמה מיטן שקר פון יאָרטויזנטער, וועלן מיר
האָבן דערשיטערונגען, אַ קראַמף פון ערדציטערניש, טאָל און
בערג וועט זיך איבערטראָגן, ווי עס האט זיך קיינמאָל נישט עמעצן
אַזוינס געחלומט... דער באַגריף פּאָליטיק וועט דאַמאָלס אינגאַנצן
זיך אויפלייזן אין אַ קריג פון גייסטער, אַלע מאַכט-פאָרמירונגען
פון דער אַלטער געזעלשאַפט וועלן ווערן אויפגעריסן אין דער
לופט — זיי באַזירן אַלע אינאיינעם אויף דעם שקר: עס וועלן
זיין מלחמות, וואס אַזעלכע זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אויף
דער ערד. ערשט פון מיר אָן הייבט זיך אָן אויף דער וועלט
גרויסע פּאָליטיק.

2.

ווילט איר אַ פאָרמולע פאַר אַזאַ שיקזאַל, וואס ווערט מענטש? — זי געפינט זיך אין מיין זאַראַטוסטראַ.

„— און ווער עס וויל זיין אַ שעפער אין גוטס און בייזס, דער מוז צוערשט זיין אַ צעשטערער און ווערטן צעברעכן.

אַזוי־אָ געהערט דאס העכסטע בייז צו דער העכסטער גוטקייט: דידאָזיקע אָבער איז די שעפערישע.“

איך בין כּלל דער שרעקלעכסטער מענטש, וואס איז ביזאַהער פאַראַן געווען; דאָסדאָזיקע שליסט נישט אויס, אַז איך וועל זיין דער וווילטעטיקסטער. איך קען די לוסט אין דעם צעשטערן אין אַ גראַד, וואס גלייכט מיין קראַפט צום צעשטערן, — אין ביידע זאַכן געהאָרך איך מיין דיאָניזישער נאַטור, וועלכע קאָן נישט אָפּטיילן דאס ניין־טון פון יאָ־זאָגן. איך בין דער ערשטער אימאָראַליסט: דעריבער בין איך דער צעשטערער PAR EXCELLENCE. —

3.

מ'האָט מיך נישט געפרעגט, מ'האָט מיך געדאַרפט פרעגן, וואס גראָד אין מיין מויל, אינעם מויל פון ערשטן אימאָראַליסט עס באַדייט דער נאָמען זאַראַטוסטראַ: ווייל דאס, אין וואס עס באַשטייט די אומגעהויערע איינציקייט פון יענעם פערס אין דער געשיכטע, איז גראָד דער היפּך דערפון. זאַראַטוסטראַ האָט צום ערשטן געזען אין קאַמף פון גוטס און שלעכטס דאס אייגנטלעכע ראָד, וואס באַוועגט אַלע זאַכן, — דאָס איבער־

טראָגן די מאָראַל אין די מעטאַפיזיק, אַלס קראַפט, סבה, צוועק
אין זיך, איז *זיין* ווערק. אָבער דידאָזיקע פראַגע וואָלט שוין
אין תוך געווען דער ענטפער. זאַראַטוסטראַ האָט *געשאַפן*
דעמדאָזיקן פאַטאַלסטן טעות, די מאָראַל: בּמילא מוז ער אויך
זיין דער ערשטער, וואָס *זעט* אים איין. נישט נאָר, וואָס ער האָט
דאָ לענגער און מער דערפאַרונג, ווי וועלכער איז אַנדערער דענ-
קער — די גאַנצע היסטאָריע איז דאָך די עקספּערימענטאַל-
אָפּפרעגונג פון דעם כלל פון דער אַזוי-גערופענער „עטישער וועלט-
אָרדנונג" —: דאָס וויכטיקערע איז, זאַראַטוסטראַ איז וואָרהאַפ-
טיקער ווי וועלכער איז אַנדערער דענקער. זיין לערע, און נאָר זי,
האָט די וואָרהאַפטיקייט פאַר די אויבערשטע טוגנט — דאָס הייסט
דעם היפך צו דער *פחדנות* פון „אידעאַליסט", וועלכער מאַכט
פליטה פאַר דער ווירקלעכקייט; זאַראַטוסטראַ האָט מער מוט אין
לייב, ווי אַלע דענקער צוזאַמענגענומען. דעם אמת רעדן און
*גוט שיסן מיט פיילן*, *דאָס* איז די פערסישע טוגנט. —
פאַרשטייט מען מיך?... דאָס בייקומען זיך גופא פון דער מאָראַל
צוליב וואָרהאַפטיקייט, דאָס בייקומען זיך גופא פון מאָראַליסט
אין זיין קעגנזאַץ — *אין מיר* — דאָס באַדייט אין מיין מויל
דער נאָמען זאַראַטוסטראַ.

4.

אין תוך זענען דאָס צוויי פאַרניינונגען, וואָס מיין וואָרט
*איממאָראַליסט* אַנטהאַלט אין זיך. איך פאַרניין איינמאָל
אַ טיפ מענטש, וועלכער האָט זיך ביז היינט גערעכנט פאַר דעם
העכסטן, די *גוטע*, די *גוטגינענדיקע*, *וווילטעטיקע*;
איך פאַרניין פון דער אַנדערער זייט אַ מין מאָראַל, וועלכע איז,

ווי די מאָראַל אין זיך, געקומען צו באַדייטונג און מאַכט, — די מאָראַל פון דעקאַדאַנס, קאָנקרעטער גערעדט, די קריסטלעכע מאָראַל. מ׳וואָלט געדאַרפט אויף די צווייטע נעגירונג קוקן ווי אויף די אַנטשיידנדערע, ווייל די צו הויכע שאַצונג פון דער גוטקייט און גוטגינונג האַלט איך, אין אַלגעמיין באַטראַכט, שוין פאַר אַ פועל־יוצא פון דעקאַדאַנס, פאַר אַ סימפּטאָם פון דער שוואַכקייט, פאַר אוממעגלעך אינאיינעם מיט אַן אויפ־שטייגנדיק און יאָ־זאָגנדיק לעבן: אין דעם יאָ־זאָגן איז פאַרניינען און צעשטערן אַ באַדינג. איך שטעל מיך קודם־כל אָפּ אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון גוטן מענטש. כדי אָפּצושאַצן, וואָס אַ טיפּ מענטש איז ווערט, דאַרף מען באַרעכענען דעם פּרייז, וואָס עס קאָסט זיין דערהאַלטונג, דאַרף מען קענען זיינע עקזיסטענץ־באַדינגונגען. די עקזיסטענץ־באַדינגונג פון די גוטע איז דער שקר —: אַנדערש אויסגעדריקט, דאָס נישט וועלן זען פאַר יעדן פּרייז, ווי די רע־אַליטעט איז אין תוך באַשאַפן, דהיינו נישט אַזעלכע, אַז מ׳זאָל צו יעדער צייט אַרויסרופן גוטגינענדע אינסטינקטן, נאָך ווייניקער אַזעל־כע, אַז מ׳זאָל צולאָזן אַן אַריינשפּאַרן זיך פון גוטמוטיקע הענט צו יעדער צייט. באַטראַכטן די צרות פון יעדן מין בכלל ווי אַ ווידערשפּרוך, ווי עפּעס, וואָס מוז ווערן אָפּגעשאַפן, איז די NIAISERIE PAR EXCELLENCE, אין אַלגעמיין באַטראַכט, אַן אמת אומגליק אין זיינע פאָלגן, אַ נארישער פאַטום, — כמעט אַזוי נאַ־ריש, ווי נאַריש עס וואָלט געווען דער ווילן אָפּצושאַפן דאָס שלעכטע וועטער—פון רחמנות אַ שטייגער צו די אָרימע מענטשן... אין דער גרויסער עקאָנאָמיע פון דאָס גאַנצע זענען אַלע שרעקלע־כע זאַכן פון דער רעאַליטעט (אין די ליידנשאַפטן, אין די באַגע־רונגען, אין ווילן צו מאַכט) אין אַן אומבאַרעכנבאַרער מאָס

נויטוועגדיקער, ווי יענע פאָרם פון קליינעם גליק, די אַזוי־גערו־
פענע „גוטסקייט“; מ'דאַרף ערשט האָבן איינזען, אַז מ'זאָל דער לעצ־
טער, ווייל איר באַדינג איז אינסטינקט־שקרדיקייט, בכלל שענקען
אַן אָרט. איך וועל האָבן אַ שטאַרקן גרונט צו באַווייזן פאַר דער
גאַנצער געשיכטע די אומגעהויערע אומהיימלעכע פאָלגן פון
אָפּטימיזם, דעמדאָזיקן פּראָדוקט פון די HOMINES
OPTIMI. זאַראַטוסטראַ, וועלכער איז געוועזן דער ערשטער, וואָס
האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אָפּטימיסט איז פונקט אַזוי דעקאַדענט
ווי דער פּעסימיסט און אפשר שעדלעכער, זאָגט: גוטע
מענטשן רעדן קיינמאָל נישט דעם אמת. פאַל־
שע ברעגעס און פאַלשע נעסטן האָבן אייך
די גוטע אָנגעוויזן; אין שקרים פון די גוטע
זענט איר געוואָרן געבוירן און געהיטן. אַלץ
איז ביז טיף אין גרונט פאַרשקרט און פאַר־
דרייט דורך די גוטע. די וועלט איז צום גליק נישט
געבויט אויף אַזעלכע אינסטינקטן, אַז גראָד בלויז די גוטמוטיקע
סטאַדע־חיות זאָלן דאָ זייער ענג גליק געפינען; צו פאָדערן, אַז אַלץ
זאָל ווערן „גוטער מענטש“, סטאַדע־חיה, בלוי־אויגיק, גוטגינענ־
דיק, „שיינע נשמה“ — אָדער, ווי הער הערבערט ספּענסער
ווינטשט, אַלטרויסטיש, דאָס וואָלט געהייסן אַוועקנעמען דעם
לעבן זיין גרויסן כאַראַקטער, דאָס וואָלט געהייסן די מענטשהייט
קאַסטרירן און אויף אַ מדרגה פון שפּלדיק כינעזערטום אַראָפּ־
ברענגען. — און דאָס האָט מען געפּרוווט!... אָט
דאָס האָט מען גערופן מאָראַל... אין דעם זין רופט אָן
זאַראַטוסטראַ די גוטע אָט „די לעצטע מענטשן“ און אָט דעם „אָנ־
הייב פונם סוף“; פאַר אַלץ עמפּינדעט ער זיי ווי דעם שעד־

לעכסטן מין מענטש, ווייל זיי שלאָגן אַדורך זייער עק-
זיסטענץ אויף דעם חשבון פון אמת צוגלייך ווי אויף דעם
חשבון פון דער צוקונפט.

„די גוטע — זיי קענען נישט שאַפן, זיי זענען אַלעמאָל
דער אָנהויב פון סוף —

— זיי קרייצן דעם, וואס שרייבט נייע ווערטן אויף נייע
לוחות, זיי ברענגען די צוקונפט זיך פאַר אַ קרבן, זיי קרייצן די
גאַנצע מענטשן-צוקונפט!

די גוטע — זיי זענען אַלעמאָל געווען דער אָנהויב פון סוף...

און וואס פאַר אַ שאָדן די וועלט-פאַרשוואַרצער זאָלן אויך
נישט ברענגען, דער שאָדן פון די גוטע איז דער שעד-
לעכסטער שאָדן."

5.

זאַראַטוסטראַ, דער ערשטער פסיכאָלאָג פון די גוטע, איז —
ממילא — אַ פריינט פון די בייזע. ווען אַ דעקאַדאַנס-מין מענטש
איז אַרויפגעשטיגן צו דעם ראַנג פון העכסטן מין, האָט דאס גע-
קאָנט געשען נאָר אויפן חשבון פון זיין היפך-מין, דעם שטאַרקן
און לעבנס-זיכערן מין מענטש. ווען די סטאַדע-חיה שטראַלט אין
גלאַנץ פון ריינסטער טוגנט, מוז דער אויסנאַם-מענטש אַראָפּגע-
שאַצט ווערן צום בייזן. ווען דער שקר פאַרטעטנדירט פאַר יעדן
פרייז אויף דעם וואָרט „אמת" פאַר זיין אָפּטיק, מוז מען דעם
אמת וואָרהאַפטיקן אָפּזוכן צווישן די ערגסטע נעמען. זאַראַטוסטראַ
לאָזט דאָ נישט קיין ספק: ער זאָגט, אַז די דערקענטניש פון די
גוטע, פון די „בעסטע" האָט אים גראָד גרויל פאַרשאַפט פאַר דעם
מענטש בכלל; פון דעם דאָזיקן עקל זענען אים פליגל אויס-

געוואַקסן „אַוועקצופליען אין ווייטע צוקונפטן", — ער פאַרהוילט נישט, אַז ז י י ן טיף מענטש, אַ רעלאַטיוו איבערמענטשלעכער טיף, איז גראָד אין פאַרגלייך מיט די ג ו ט ע איבערמענטשלעך, אַז די גוטע און גערעכטע וואָלטן אָנגערופן זיין איבערמענטש ט י י ו ל...

„איר העכסטע מענטשן, וואָס מיין אויג האָט באַגעגנט, דאָס איז מיין צווייפל אין אייך און מיין פאַרבאָרגן געלעכטער: איך בין משער, איר וואָלט מיין איבערמענטש אָנגערופן — טייוול!

אַזוי פרעמד זענט איר דעם גרויסן מיט אייער נשמה, אַז פאַר אייך וואָלט דער איבערמענטש געווען ש ר ע ק ל ע ך אין זיין גוטקייט..."

אויפן דאָזיקן אָרט און נישט ערגעץ אַנדערש דאַרף מען זיך אָוועקשטעלן, כדי צו פאַרשטיין, וואָס זאַראַטוסטראַ וויל: דער מין מענטש, וואָס ער קאָנציפּירט, קאָנציפירט די רעאַליטעט, אַ ז ו י ו י ז י א י ז: ער איז דערצו גענוג שטאַרק—ער איז פון איר נישט אָפּגעפרעמדט, אָפּגערוקט, ע ר א י ז ז י ג ו פ א, ער האָט אַלדאָס שרעקלעכע און רעטעניש פולע פון איר אפילו אין זיך, ד ע ר מ י ט ע ר ש ט קאָ ז ד ע ר מ ע נ ט ש פ אַ ר מ אָ ג ן ג ר ו י ס ק י י ט...

6.

אָבער איך האָב אויך נאָך אין אַן אַנדערן זין אויסגעקליבן פאַר מיר דאָס וואָרט אימ מ אָ ר אַ ל י ס ט ווי אַ צייכן, ווי אַן ערן־צייכן; איך בין שטאָלץ, וואָס איך האָב דאָס דאָזיקע וואָרט, וועל־כעס גרענעצט מיך אָפּ פון דער גאַנצער מענטשהייט. קיינער האָט נאָך נישט געפילט די ק ר י ס ט ל ע כ ע מאָראַל ווי א ו נ ט ע ר

זיך: דערצו געהערט אַ הויך, אַ ווייטבליק, אַ ביז איצט אינגאַנצן אומדערהערטע פּסיכאָלאָגישע טיפקייט און אָפּגרינטיקייט. די קריסטלעכע מאָראַל איז בּיזאַהער געווען די צירצע פון אַלע דענקער, — זיי זענען געשטאַנען אין איר דינסט. ווער האָט פאַר מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין די היילן, פון וועלכע דער גיפט־הויך פון דעם מין אידעאַל — *דער וועלט־פאַרשוואַרצונג*! — שלאָגט אַרויף? ווער האָט אפילו גאָר געוואַגט צו אַנען, *אַז* דאס זענען היילן? ווער איז בכלל געווען פאַר מיר צווישן די פילאָזאָפן *פּסיכאָלאָג* און נישט גיכער זיין היפּך, „העכערער שווינדל", „אידעאַליסט"? פאַר מיר איז נאָך לגמרי נישט געווען קיין פּסיכאָלאָגיע. דאָ צו זיין דער ערשטער קאָן זיין אַ קללה, עס איז אַלנפאַלס אַ פאַטום: *ווייל מ'פאַראַכט אויך ווי דער ערשטער*... דער *עקל* צום מענטש איז מיין געפאַר...

7.

האָט מען מיך פאַרשטאַנען? — וואָס מיך טיילט אָפּ, וואָס מיך שטעלט אַוועק אין דער זייט קעגן דעם גאַנצן רעשט פון דער מענטשהייט, איז דאס, וואס איך האָב די קריסטלעכע מאָראַל *אַנטפּלעקט*. דעריבער האָב איך מיך געניטיקט אין אַ וואָרט, וואָס אַנטהאַלט דעם זין פון אַן אַרויספאָדערונג צו יעדן. דאָ נישט צו האָבן פריער די אויגן אויפגעמאַכט האַלט איך פאַר די גרעסטע אומציכטיקייט, וואָס די מענטשהייט האָט אויפן געוויסן, פאַר אַ זעלבסט־אָפּנאַרעריי, וואָס איז געוואָרן אינסטינקט, פאַר אַ פּרינציפּיעלן ווילן יעדעס געשען, יעדע קאַוזאַליטעט, יעדעווירקלעכקייט *נישט* צו זען, פאַר אַ מטבע־פעלשונג IN PSYCHO-

LOGICIS ביז צו פאַרבּרעכן. די בלינדהייט בנוגע דעם קריסטנ-
טום איז דאָס פאַרבּרעכן PAR EXCELLENCE —
דאָס פאַרבּרעכן קעגן דעם לעבן... די יאָרטויזנטער, די
פעלקער, די ערשטע און די לעצטע, די פיל־אָזאָפן און די אַלטע
ווייבער — פינף, זעקס מאָמענטן פון דער געשיכטע אַראָפּרעכע-
נענדיק, מיך אַלס זיבעטן — אין דאָזיקן פּונקט זענען אַלע איינע די
אַנדערע ווערט. דער קריסט איז ביזאַהער געווען דאָס „מאָראַלישע
וועזן", אַ קוריאָז אָן גלייכן — און, אַלס „מאָראַליש וועזן",
אַבסורדער, שקרהאַפטיקער, פוסטער, לייכטזיניקער, זיך גופא
שעדלעכער, ווי דער גרעסטער פאַראַכטער פון
דער מענטשהייט וואָלט זיך געקאָנט אין חלום פאַרשטעלן. די
קריסטלעכע מאָראַל — די בייזאַרטיקסטע פאָרם פון ווילן צו
ליגנט, די אמתע צירצע פון דער מענטשהייט: דאָס, וואָס האָט
זי פאַרדאָרבן. נישט דער טעות אַלס טעות מאַכט
מיך אויפציטערן ביי אָט דעמדאָזיקן בילד, נישט דער
יאָרטויזנטלאַנגער מאַנגל אין „גוטן ווילן", אין דיסציפּלינירונג, אין
אַנשטענדיקייט, אין מוט אין גייסטיקע זאַכן, וועלכער ווייזט זיך
אַרוס אין דעם זיג זיינעם: — עס איז דער מאַנגל אין נאַטור,
עס איז דער פולקום גרוילנדיקער פאַקט, וואָס די אומנאַ-
טור גופא האָט אַלס מאָראַל דערהאַלטן די גרעסטע אויסצייכ-
נונגען און איז געבליבן אַלס געזעץ, אַלס קאַטעגאָרישער אימפּע-
ראַטיוו, איבער דער מענטשהייט הענגען!... אַזוי ווייט זיך טועה
זיין, נישט אַלס יחיד, נישט אַלס פאָלק, נאָר אַלס מענטש-
הייט!... אַז מ'האָט געלערנט פאַראַכטן די גרונט-אינסטינקטן פון
לעבן; אַז מ'האָט אויסגעטראַכט אַ „נשמה", אַ „גייסט",
כּדי דאָס לייב צו שאַנד מאַכן; אַז מ'האָט געלערנט עמפינדן אין דעם

תּנאַי פון לעבן, אין דער געשלעכטס־ליבע, עפּעס צוּמריינס; אַז מ'האָט געזוכט אין דער טיפסטער נויטווענדיקייט צום אויס־ווּקס, אין דעם שטרענגען עגאָיזם (—שוין דאָסדאָזיקע וואָרט איז לשון־הרע! —) דעם בייזן פּרינציפּ; אַז מ'זעט אומגעקערט אין די טיפּישע סמנים פון דער ירידה און אינסטינקט־פאַרלייקענונג, אין דעם „אומעגאָיסטישן", אין דעם פאַרלירן אין שווערגעווּיכט, אין דער „אַנטאיכונג" און נאָענטסטן־ליבע (— נאָענטסטן־ב אַ ג ע ר!) דעם העכערן ווערט, וואָס זאָג איך! דעם ווערט אין זיך אַ ל יי ן!... ווי! זאָל די מענטשהייט גופא זיין אין דעקאַ־דאַנס? איז זי דאָס שטענדיק געווען? — וואָס עס איז זיכער, איז דאָס, אַז מ'האָט זי געלערנט נאָר דעקאַדאַנס־ווערטן ווי אויבערשטע ווערטן. די אַנטאיכונגס־מאָראַל איז די דעקאַדאַנס־מאָראַל PAR EXCELLENCE, דער פאַקט „איך גיי צו גרונט" איבערגע־זעצט אין דעם אימפּעראַטיוו: „איר זאָלט אַלע צו גרונט גיין" — און נישט בלויז אין דעם אימפּעראַטיוו!... דידאָזיקע איינ־ציקע מאָראַל, וועלכע איז ביז היינט געלערנט געוואָרן, די אַנט־זיכונגס־מאָראַל, ווייזט אַרויס אַ ווילן צום סוף, זי פאַרניינט אין טיפסטן גרונט דאָס לעבן. — דאָ וואָלט געבליבן אָפן די מעג־לעכקייט, אַז נישט די מענטשהייט געפינט זיך אין מצב פון אַנטאַר־טונג, נאָר יענער פּאַראַזיטישער מין מענטש, דער פּריסטער־מין, וועלכער האָט זיך מיט דער מאָראַל ליגנעריש דערהויבן צו דער מדרגה פון אירע ווערט־באַשטימער, — וועלכער האָט אין דער קריסטלעכער מאָראַל דערשפּירט זיין מיטל צו מ אַ כ ט... און באמת פאַרשטיי איך דאָס אַזוי: די לערער, די פירער פון דער מענטשהייט, טעאָלאָגן אַלע אינאיינעם, זענען געווען אויך אַלע אינאיינעם דעקאַדענטן: פ ו נ ד אַ נ ע ז די איבערשאַצונג

פון אַלע ווערטן אין לעבנס־פּיינטשאַפט, פונדאַנען די מאָראַל...
דעפיניציע פון דער מאָראַל: מאָראַל — די אידיאָ־
סינקראַזיע פון דעקאַדענטן, מיט דער הינטער־כוונה זיך נוקם
צו זיין אין לעבן — און מיט דערפאָלג. איך לייג
ווערט אויף דער דאָזיקער דעפיניציע. —

8.

— האָט מען מיך פאַרשטאַנען? — איך האָב אַצינד קיין
וואָרט נישט געזאָגט, וואָס איך זאָל עס נישט האָבן געזאָגט שוין
פאַר פינף יאָר דורך דעם מויל פון זאַראַטוסטראַ. — די אַנטפּלע־
קונג פון דער קריסטלעכער מאָראַל איז אַ געשעעניש, וואָס האָט
נישט זיין גלייכן, אַן אמתע קאַטאַסטראָפע. ווער עס קלערט אויף
וועגן איר, איז אַ FORCE MAJEURE, אַ שיקזאַל, — ער שפּאַלט די
געשיכטע פון די מענטשן אין צוויי העלפטן. מ'לעבט פאַר אים,
מ'לעבט נאָך אים... דער בליץ פון אמת האָט גראָד געטראָפן
דאָס, וואָס איז ביזאַהער געשטאַנען העכער פאַר אַלעם: ווער עס
פאַרשטייט, וואָס דאָ איז צעשטערט געוואָרן, דער זאָל אַ קוק
טון, צי עס איז אים נאָך עפּעס געבליבן אין די הענט. אַלץ, וואָס
האָט ביזאַהער געהייסן „אמת“, איז דערקענט געוואָרן ווי די
שעדלעכסטע, ערמהדיקסטע, אונטערערדישסטע פאָרם פון
שקר; דער פרומער תירוץ, די מענטשהייט צו „פאַרבעסערן“ —
ווי די ערמה, דאָס לעבן גופא אויסצוזויגן, בלוט־אָרים
צו מאַכן. מאָראַל ווי וואַמפּיריזם... ווער עס האָט אַנט־
דעקט די מאָראַל, האָט צוזאַמען דערמיט אַנטדעקט דעם אומווערט
פון אַלע ווערטן, אין וועלכע מ'גלייבט אָדער מ'האָט געגלייבט;
ער זעט נישט מער אין די פאַרערטסטע, אין די אפילו פאַר

הייליק דערקלערטע טיפן פון מענטש עפעס ער־ווירדיקס, ער זעט דערין דעם פאַטאַלסטן מין פון אויסוואָרפן, פאַטאַל, ווייל זיי האָבן באַצויבערט... דער באַגריף „גאָט" דער־פונדן ווי אַ קעגנזאַץ־באַגריף צום לעבן, — אין אים אַלדאָס שעדלעכע, פאַרסמנדיקע, לשון־הרעדיקע, דער גאַנצער טויט־האַס קעגן דעם לעבן אין אַ שרעקלעכע איינהייט צוזאַמענגעבראַכט! דער באַגריף „יענע וועלט", אמתע וועלט" דערפונדן, כּדי דעם ווערט אָפּצונעמען בײַ דער איינציקער וועלט, וועלכע איז פאַראַן,—כּדי קיין שום ציל, קיין שום זין, קיין שום אויפגאַבע נישט איבערצולאָזן פאַר אונזער ערדישערווירקלעכקייט? דער באַגריף „נשמה", „גייסט", לסוף אפילו אויך „אומשטערבלעכע נשמה", דערפונדן, כּדי דאָס לייב צו פאַראַכטן, כּדי עס קראַנק — „הייליק" — צו מאַכן, כּדי לגבּי אַלע זאַכן, וואָס פאַרדינען ערנסט אין לעבן, לגבּי די פראַגן פון דערנערונג, וווינונג, גייסטיקער דיעט, קראַנקן־פלעגע, ריינלעכקייט, וועטער אַרויסצוווײַזן אַ שוידערהאַפטן לייכטזין! אָנטשאָט דעם געזונט דער „תּיקון פון דער נשמה" — דאָס הייסט אַ FOLIE CIRCULAIRE צווישן תּשובה־קאָנוווּלסיע און דערלייזונגס־היסטעריע! דער באַגריף „זינד" דערפונדן צוזאַמען מיט דעם צוגעהעריקן פּייניקונג־אינסטרומענט, דעם באַגריף „פרײַער ווילן", כּדי די אינסטינקטן צו פאַרפלאָנטערן, כּדי דעם אומצוטרוי צו די אינסטינקטן צו מאַכן פאַר אַ צווייטע נאַטור! אין באַגריף פון „אומעגאָיסטישן", פון „זיך־גופא־פאַרלייקנדיקן" דער אייגנטלעכער דעקאַדאַנס־סימן, דאָס געלאָקט־ווערן פון דאָס שעדלעכע, דאָס נישט־קענען־מער־זיין־נוצן־געפינען, די זעלבסט־צעשטערונג געמאַכט פאַר דעם ווערט־צייכן בכלל, פאַר די „פליכט", פאַר די „הייליקייט", פאַר דאָס „געטלעכע" אין מענטש!

ענדלעך — עס איז דאָס שרעקלעכסטע — אין באַגריף פון גוטן מענטש געשטעלט זיך אויף דער זייט פון אַל־דאָס שוואַכע, קראַנקע, אומגעראָטענע, צוליב־זיך־גופא־ליידנדיקע, פון דאָס אַלץ, וואָס דאַרף צו גרונט גיין, — דאָס געזעץ פון אָפּקלויב געקרייצט, אַן אידעאַל געמאַכט פון דעם פאַר־לייקענען דעם שטאָלצן און וווילגעראָטענעם, דעם יאָ־זאָגנדיקן, דעם צוקונפט־זיכערן, צוקונפט־גאַראַנטירנדיקן מענטש — דער־דאָזיקער הייסט איצטער דער בייזער... און אין דעם אַלעם איז געגלויבט געוואָרן ווי אין מאָראַל! —

— — ECRASEZ L'INFAME!

9.

— האָט מען מיך פאַרשטאַנען? — דיאָניזאָס קעגן דעם געקרייציקטן...

## רום און אייביקייט.

1.

ווי לאַנג זיצסטו שוין

אויף דיין האַרטן גורל?

היט זיך! בריען וועסטו מיר נאָך אויס

אַן איי,

אַ באַזיליסקן־איי

פון דיין לאַנגער פּיין.

וואָס שלייכט זיך זאַראַטוסטראַ אין דער לענג פון באַרג? —

פול חשד, צעווייטיקט, טריב,

פון לאַנג ער לויערט, —

אָבער פּלוצלינג אַ בליץ,

העל, אימהדיק, אַ דונער

צום הימל שלאָגט אַרויף פון תהום:

— דעם באַרג אפילו טרייסלט זיך

דאָס אינגעווייד...

וווּ האַס און בליץ
געוואָרן זענען איינס, אַ ק ל ל ה, —
אויף בערג איז איצט דער זיץ פון זאַראַטוסטראַס
צאָרן,
אַ מוראדיקער וואָלקן שלייכט ער זיך זיין וועג.

אַנטלויפן זאָל, ווער ס'האָט אַ מקום־מקלט!
אין בעט אַריין, איר פאַרצערטלטע!
איצט קייקלען זיך דונערן איבערן הימל־צעלט,
איצט ציטערט אַלץ, וואָס מויער און געבעלק,
איצט צוקן בליצן און שוועבל־געלע אמרן —
זאַראַטוסטראַ ש ע ל ט...

2.

דידאָזיקע מטבע,
מיט וועלכער ס'צאָלט די וועלט,
ר וּ ם, —
מיט האַנטשקעס ריר איך אָט די מטבע אָן,
מיט עקל טרעט איך זי אוּ נ ט ע ר מיינע פיס.

ו ע ר וויל זיין באַלוינט?
די פאַרקויפלעכע...
ווער ב י ל י ק איז, שטרעקט אויס
די פעטע הענט
צום דאָזיקן בלעך־קלינג־קלאַנג פון דער גאָרער וועלט—
צום רום!

— ווילסט זיי קויפן?
זיי קאָן מען אַלע קויפן.
נאר צאָל אַ סך!
קלינג מיט אַ פולן בייטל!
— אַזוי שטאַרקסטו זיי,
שטאַרקסטו זייער טוגנט...

זיי זענען אַלע טוגנט־האַפט.
רום און טוגנט — זענען מחותנים.
ווי לאַנג די וועלט שוין שטייט,
זי צאָלט פאַר טוגנט־פלאַפלעריי
מיט ליאַרעמדיקן רום, —
די וועלט לעבט מיט נאָר אַזאַ געראַדער...

פאַר די אַלע טוגנט־האַפטע
וויל איך שולדיק זיין,
שולדיק וויל איך פאַר זיי הייסן מיט יעדער גרויסער שולד!

פאַר די אַלע רום־טראָמפּייטערס
ווערט מיין גאווה ווי אַ וואָרים, —
צווישן אַזעלכע וויל זיך מיר
דער נידעריקסטער זיין...

דידאָזיקע מטבע,
מיט וועלכער ס'צאָלט די וועלט,
רום, —
מיט הענטשקעס ריר איך אָט די מטבע אָן,

מיט עקל טרעט איך זי אונטער מיינע פיס.

3.

שטיל! —

פון גרויסע זאַכן — גרויסעס זע איך! —

זאָל מען שווייגן

אָדער רעדן גרויס:

רעד גרויס, אַנטציקטע חכמה מיין!

איך קוק ארויף —

דאָרט שווימען ימען ליכט:

אָ נאַכט, אָ שווייגן, אָ טויטנשטילער ליאַרם!...

איך זע אַ צייכן, —

פון ווייטסטע ווייטן

נידערט לאַנגזאַם א שטערן-בילד פונקלדיק אַראָפּ צו מיר...

4.

העכסטער שטערן פון זיין!

לוח פון אייביקייטס-געשטאַלט!

דו קומסט צו מיר? —

וואָס קיינער נישט געזען האָט,

דיין שטומע שיינקייט, —

ווי? זי פאַרשווינדט נישט פאַר מיין בליק? —

צייכן פון נויטווענדיקייט!

לוח פון אייביקייטס=געשטאלט!
— אָבער דו ווייסט דאָס דאָך:
וואָס אלע דהאסן,
וואָס נאָר אליין איך ליב,
— וואָס א י י ב י ק ביסט!
וואָס נ ו י ט וו ע נ ד י ק ביסט!
אייביק נאָר נויטוועדיקייט
מיין ליבע טוט צעפלאקערן.

צייכן פון נויטווענדיקייט!
דהעכסטער שטערן פון זיין!
— וואָס נישט קיין ווונטש דערגרייכט.
וואָס נישט קיין נ י י ן באפלעקט,
אייביקער יאָ פון זיין,
אייביק בין איך דיין יאָ:
ווייל איך ליב דיך, אָ אייביקייט! —

# אינהאַלט

# פארלאג „טורעם" ווארשע

## דערשינענע ביכער:

סטעפאן צווייג אמאָק (נאָוועלן פון אַ ליידנשאַפט)

פרידריך ניטשע עקצע האָמאָ (אויטאָביאָגראַפיע)

" " דיאָניזאָס-דיפּיראַמבן (לידער זאַראַטוסטראַס)

---

## עס גרייט זיך צום דרוק:

פרידריך ניטשע שאָפּענהויער אַלס דערציער (נישטצייט־מעסיקע באַטראַכטונג)

סטעפאן צווייג ירמיהו (דראַמאַטישע דיכטונג)

" " דער פלאָנטער פון געפילן (דערציילונגען)

" " דאָסטאָיעווסקי (עסיי)

" " ניטשע "

" " טאָלסטאָי "

---

הויפּט-פּאַרקויף:

קאאפער. „ביכער"

וואַרשע, נאַלעווקי 2a.

ISBN:0-657-11901-6



Druk. „EXPRESS" Warszawa, Nowolipki № 17.